
נח פּרילוצקי:
דיאַלעקטולוגישע
פּאַראַלעלען
און
באַמערקונגען
„נײַער פֿערלאַג"
װאַרשע 1921

נח פּרילוצקי.

# יידישע דיאַלעקטאָלאָגישע פאָרשונגען.

צווייטער באַנד.

[גלייכצייטיק צווייטע העלפט פון צווייטען באַנד „נח
פּרילוצקיס זאַמעלביכער פאַר יידישען
פולקלור, פילולוגיע און קולטורגעשיכ-
טע"].

# נח פרילוצקיס כתבים

## באנד IX.



ז״ז 213—425 געזעצט אין דרוקעריי פון א. שריפטגיסער
„ 326—343 אין דרוקעריי פון א. האלטער
„ 344—403 אין דרוקעריי פון י. הענדלער.
פון 404 ביז׳ן סוף אין דרוקעריי פון ברידער וויצקעוויטש.

# דיאַלעקטוֹלוֹגישע
# פּאַראַלעלען
# און באַמערקונגען

עטיודען וועגען יידישען וואָקאַליזם.

# יידישע דיאַלעקטאָלאָגיע.

## דיאַלעקטאָלאָגישע פּאַראַלעלען און באַמערקונגען.

פון נח פּרילוצקי.

### ערשטער נאָטיץ.

דעם אוניווערסאַלישען דיפטאָנג וי (oi; אין דייטשישער טראַנסקריפּציע — eu), וואָס איז אָנגענומען אין דער ליטעראַרישער אָרטאָגראַפיע, אַנטשפּרעכען אין דער פאָנעטיק פון די לעבעדיקע יידישע דיאַלעקטען פאַרשידענע לויטגרופּעס [1].

[די פּוילישע מונדאַרטען].—אין וואַרשע[2] און אין דער גובערניע

---

[1] אין דעם נוטיץ ווערט כּסדר גערעט פון באַטונטע ווקאַלען. —

[2] נישטאָ קיין שטאָדט אין פּוילען און אין רוסלאַנד, וואָס זאָל נישט האָבען אירע פאַרטרעטער אין וואַרשע. אין דער פּוילישער קרוינשטאָדט ווערען גערעט די פאַרשידענסטע יידישע דיאַלעקטען, וואָס ווירקען אַלע מער אודער ווייניקער אַף די אייגענטליך-וואַרשעווער מונדאַרט. דער פּועל-יוצא דערפון איז געווען, אַז אין וואַרשע האָט אין משך פון די לעצטע הונדערט יאָר זיך אויסגעאַרבעט אַ נייערע מונדאַרט, אַלס דורכשניט פון אַלע פּוילישע מונדאַרטען פון איין זייט און פון אייניקע דרום-רוסלענדישע פון דער אַנדערער זייט. די נייערע וואַרשעווער מונדאַרט, וואָס איז אין וואַרשע גופא אפשר שוין פאַרשפּרייטער פון דער אַלטער, פאַרדינט אַ ספּעציעלע באַהאַנדלונג. דאָ, אין דעם נוטיץ, ווי אויך אין די ווייטערדיקע, ווען כ'רעד פון וואַרשעווער דיאַלעקט, מיין איך: דעם אַלטוואַרשעווער, יענעם, וועלכען עס רעדען די וואַרשעווער יידען, וואָס קענען פון זיך זאָגען: „אונזערע אבות אבותינו זענען געבוירען געוואָרען אין וואַרשע". — די אייגענשאַפטען פון דער נייערער וואַרשעווער מונדאַרט באַהאַנדעל איך, ווו נייטיק, אין אָנמערקונגען אין טעקסט גופא. —

[אין גער, גראָדזיסק, פּרושקאָוו, פּיאַסעטשני, יעזיאָרני [1]), סקערניעװיץ, מאָגילניצי [2])]; אין ליובלין און אין דער גובערניע [אין ראַדין, גאַרוואָלין, ריקי [3]), יוזעפאָוו, מאָזשיץ [4])]; אין קאָפּשעװניצע [5]), מאַגנישעװ [6]) (ראָד. ג.); אין ברעזין (פּעטריק. ג.), טאָמאַשאָװ (ברעזינער א.) און אַז. װ., — האָבען מיר אַקעגען דעם ליטעראַרישען וֹי:

**א.** — אַ לאַנגען אָ̂ (ô), װאָס װערט אויסגעשפּראָכען זײער אויסגעצויגען, כּמעט װי אַ טאָפּעלטער װאָקאַל.

אַלזאָ: באָ̂ך, טאָ̂אָ̂ב, מאָ̂אָ̂ל, טאָ̂אָ̂ז, יאָ̂אָ̂ך, האָ̂אָ̂ז, פּאָ̂אָ̂ק, פּאָ̂אָ̂קן, טאָ̂אָ̂זנט, האָ̂אָ̂ט, שראָ̂אָ̂ף, מאָ̂אָ̂ז, קאָ̂אָ̂ל, קראָ̂אָ̂ט, פּאָ̂אָ̂ל, פּאָ̂אָ̂לן, בראָ̂אָ̂כן, פּאָ̂אָ̂, מאָ̂אָ̂, זאָ̂אָ̂ [7]), גידאָ̂אָ̂רן, באָ̂אָ̂ן, טראָ̂אָ̂רן, טראָ̂אָ̂ן, באַדאָ̂אָ̂רן, אָ̂אָ̂ך, אָ̂אָ̂כ, אַראָ̂אָ̂ס [8]).

**ב.** — וֹי (oi).

אַזױ: בוֹים, אוֹיג, טוֹיב [9]), רוֹיך, שטוֹיב, לוֹיפן, קוֹיפן, טוֹיגן; — אוֹיער, נוֹיט, שטרוֹי, ברוֹיט, קרוֹין, רוֹיט, טוֹיט, הוֹיך, גרוֹיס, פאַרשוֹין, שטוֹיסן, שוֹין, אַזוֹי; — אוֹיװן, הוֹיז [10]), הוֹיף, הוֹיל, אוֹיבס, בוֹיגן, בוֹידים, קוֹיל [11]), װוֹיל. טוֹיער, פוֹיגל', לוֹיבם, װוֹינע, גיפלוֹיגן, גיצוֹיגן, אוֹיב. —

אָנמערקונג I. — לעבען דעם אָ̂אָ̂ קומט-אויס צו הערען [אין װאַרשע און דער אומגעגענד (פּרושקאָוו, פּיאַסעטשני, יעזיאָרני, סקערניעװיץ)] אַ דיפטאָנג אָ̂וּ (ou) [אַ לאַנגער אָ̂ מיט אַ קורצען, אומאַנטװיקעלטען, זײער שװאַך הערבאַרישען וּ]: באָ̂וּך, טאָ̂וּב, מאָ̂וּל,

---

[1]) גמינע יעזיורנאַ, װאַרש. א. — [2]) גריצער א. — [3]) גאַרװאָלינ. א. — [4]) ד. ה. איװאַנגאָרוד, פּילעװער א. — [5]) צװיזמער א. — [6]) קוזשעניצ. א. — [7]) אין די לעצטע דרײַ װאָקאַבלען און אין די ענליכע הערען זיך אַמדײַטליכסטען צװײַ באַזונדערע אָ̂ (דער ערשטער — אַ לאַנגער, דער צװײַטער — אַ קורצער) [דאָ גײט שוין אַרײַן אין שפּיל אויך דער פאַרשװוּנדענער ר-לויט סוף-װאָרט]. — [8]) ליטעראַריש אויכגעלײגט: בויך, טויב (פויגעל), מויל, טויז, יויך, הויז (בנין), פויק, פויקען, טויזענט, הויט, שרויף, קויל [1) קוגעל; 2) שיסמאַטעריאַל], קרויט, פויל, פוילען, ברויכען, פויער, מויער, זויער, געדויערן, בויען, טרויערן, טרויען, באַדויערן, אויך, אוים, אַרוים. — [9]) װאָס הערט ניסט. — [10]) העלפט פון די פלידערן. — [11]) צום הייצען (уголь).

יאָ̂וך... אָ̂וך, אָ̂וס, אַראָ̂וס. — די אויסשפּראַך טרעפט זיך נישט אָפט, און בלויז בּאַ פּערזאָנען, וואָס געבּרויכען אַלס נאָרם אָ̂אָ̂, — און דאַרף, פיליַיכט, בּאַטראַכט ווערען אַלס איַינפלוס פון דער ניַיערער וואַרשעווער אויסשפּראַך, אָדער, אפשר, גאָר אַלס איבּערגאַנגספאָרם פון דעם זייער לאַנגען אָ̂ צו דעם אַנטוויקעלטען דיפטאָנג אָ̂ו (ôu).—

אין סאָ̂כאַטשעוו און קערנאָ̂זיע (וואַרש. ג.) איז דער דיפטאָ̂נג שוין אַנטוויקעלטער, גאָר נאָהענט צו אַ נאָרמאַלען קורצען ו, און דער דיפטאָנג אָ̂ו האָט, ווי עס זייט אויס — ס'קען דערוויַיל אַרויסגעזאָגט ווערען נאָר אַלס השערה, דען די אויסשפּעפּעוודיקע באַאָבּאַכטונגען זענען נאָך נישט געמאַכט געוואָרען, — לגמרי פאַרטרעטען דעם לאַנגען, ווי אַ טאָפּעלטער וואָקאַל אויסגעשפּראָכענעם אָ̂. — די דערשיַינונג ווערט בּאַגעגענט אויך אין זוואָ̂לין (ראָד. ג.).

אין קאָ̂זמינעק (הינטער קאָליש), אין טראָ̂שין (קיעלצ. ג., אַנדזשייעוו. א.) איז שוין דער אָ̂אָ̂ נישטאָ. זיַין אָרט פאַרטרעט דער דיפטאָנג אָ̂ו (אַ לאַנגער אָ̂ מיט אַ פאָלקאָם אַנטוויקעלטען קורצען ו). — אַלזאָ, דאָרט הערט מען: בּאָ̂וך, טאָ̂וב, מאָ̂ול... אָ̂וך (און אָ̂וכיט), אָ̂וס, אַראָ̂וס.

אין גאָ̂מבין (וואַרש. ג., גאָ̂סטינינער א.) [און זיין אַ סך אַנדערע ערטער, ווי ס'וועט אַרויסוויַיזען אַ גענויערע פאָרשונג] האָבּען מיר דעם לאַנגען כמעט פאַרטאָפּעלטען אָ̂ נישט, נאָר, אָנשטאָט אים, דעם דיפטאָנג אָ̂ע (לאַנגער אָ̂ מיט קורצען ע): — בּאָ̂עך, טאָ̂עב, מאָ̂על... אָ̂עך, אָ̂עס, אַראָ̂עס.

פון אַ ייד אויס פלאָ̂צקער קאַנט האָב איך זאָגאַר געהערט די פאָרם: אַראָ̂ועס.

אין מאָ̂זשיץ הערשט דער אָ̂אָ̂; בּלויז אין איַיניקע ווערטער ווערט דער צווייטער אָ̂ פאַרהעלט אין י (למשל: מאָ̂יל, האָ̂יז). —

אָנמערקונג II. — לעבּען דער פאָרם געדאָ̂אָרן ווערט געבּרויכט די פאָרם: גערירן [1] [הינטער וואַרשע (אין פּיאַסעטשני, יעזיאָ̂רני), אין גאַרוואָלין, ריקי].

אָנמערקונג III. — דעם וי הערט מען אין גאַנץ פּוילען.

---

[1]) הטרקאוו: 105: גערויערן און גערירען.

[די דרום-רוסלענדישע מונדארטען]. — I זייער פאָ̂רפאָ̂סטען באַגע-
גענען מיר שוין אין בראָ̂ק[1] (לאָמזער ג., אָ̂סטראָ̂ווער א.), אין סאָ̂קאָ̂לאָ̂וו[2] (געוו. שיעדלעצער, יעצט — ליובלינ. ג). דאָ̂רט מוז דער ליטעראַרישער ױ איבערגעבען:

**א.** — אָ̂ו (ou — דער o מעסיק-לאַנג, דער u — קורין).

למשל: באָ̂וך, טאָ̂וב, מאָ̂ול, טאָ̂וז, יאָ̂וך, האָ̂וז, פּאָ̂וק, פּאָ̂וקן, טאָ̂וזנט, האָ̂וט, שראָ̂וף, מאָ̂וז, קאָ̂ול, קראָ̂וט, פּאָ̂ול, פּאָ̂ולן, בראָ̂וכן, פּאָ̂וער, מאָ̂וער, זאָ̂וער, גידאָ̂וערן, באָ̂ווען, טראָ̂ויערן, טראָ̂וען, באַדאָ̂וערן, אָ̂וס, צראָ̂וס[3]. —

**ב.** — וי (oi).

צום בײַשפּיל: בוים, אויג, טויב, רויך, שטויב, לויפן, קויפן, טויגן; — אויער, נויט, שטרוי, ברויט, קרוין, רויט, טויט, הויך, גרויס, פאַרשוין, שטויסן, שוין, אַזוי; — אויוון, הויז, הויף, הויל, אויבס, בויגן, בוידים, קויל, וויל, טויער, פויגל, לויבם, וויינען, בויערן, גיפלויגן, גיצויגן, אויב; — אויך.

II. — אין קרעמעניץ (וואָלינ. ג.), אין בערדי-טשעוו (קיעוו. ג.) מוז דער ליטעראַרישער ױ אויסדרוקען:

**א.** — אָ̂ו (פאַר אַ מיטהילכער) [דער o מעסיק-לאַנג, דער u — קורין]; אָ̂וו (פאַר ע) [ôw]. —

למשל: באָ̂וך, טאָ̂וב, מאָ̂ול, טאָ̂וז, יאָ̂וך, אָ̂וז, פּאָ̂וק, פּאָ̂וקן, טאָ̂וזנט, האָ̂וט, שראָ̂וף, מאָ̂וז, קאָ̂ול, קלאָ̂וז, קראָ̂וט, פּאָ̂ול, פּאָ̂ולן, בראָ̂וכן; — פּאָ̂ווער, מאָ̂ווער, זאָ̂ווער, גידאָ̂ווערן, באָ̂ווען, טראָ̂ווערן, טראָ̂ווען, באַדאָ̂ווערן[4].

---

[1] און, ווײַזט-אויס, אין אָ̂סטראָ̂וו גופא. — [2] און, ווי עס שײַנט, אין גרויס-ביאַלי (געוו. שיעדלעצ., יעצט בעלמער ג.), אין לאָ̂מאַזי (דרום-צו פון ביאַלי). — [3] אין בראָ̂ק, אין לאָ̂מאַזי (אויך אין ביאַלי): אויס, ארויס. — [4] ליפשיץ פאַרצײַכענט דעם אָ̂וו („יידיש-רוסישער ווערטער ביך", ז"ז 142, 116, 93, 69, 17, 105, 70, 51). — דוד הלוי הורוויץ („ספר המלים זשארגאָני-עברי. — יידיש-לשון-קודשער ווערטער-בוך". — הוצאה שלשית. — אדעססא. — 1903) ברײַנגט בלויז: זאָ̂ווער (לעבען זויער) און טראָ̂ווער, טראָ̂ווערדיג (לע-בען טרויער, טרויעריג) [ז": 47, 48, 53, 54].

**ב.** — וי (oi).

צום ביישפיל: בוים, אויג, טויב, רויאך, שטויב, לויפן, קויפן, טויגן; — אויער, נויט, שטרוי, ברויט, קרוין, רויט, טויט, אויאך, גרויס, פארשוין, שטויסן, שוין; — אויוון, אויז, אויף, אויל, אויבס, בויגן, בוידים, קויל, ווויל, טויער, פויגל, לויבם, וווינען, בויערן, גיפלויגן, גיצויגן, אויב; — אויך, אויס, ארויס.

אנמערקונג IV. — לעבען אויב געברויכט מען אין קרעמענעניץ-בערדיטשעוו אויך: איב. — נאך הערען מיר אין דער מונד-ארט: אייבער (אין קארטען), אייבערהאנט, אייבערהסברה, אייבערהאר, אייבערראק, אייבערשט, אייבערשטיבל, אייבערשטראך, אייבערשלאק[1]; איפגייבם[2].

דער יי — איז אנ׳איבערגאנג צו דער „אסטרער״ מונדארט.

III. — אין אסטרע (וואליג. ג.) [און אין אנדערע ער-טער, וועלכע די פארשונג דארף ערשט פעסטשטעלען] גיט דער לי-טעראַרישער וי איבער:

**א.** — וי (פאר א מיטהילבער); אוו (פאר ע) —

ד. ה.: בויען, טויב, מויל, טויז, יויך, הויז, פויק, פויקן, טויזנט, הויט, שרויף, מויז, קויל, קלויז, קרויט, פויל, פוילן, ברויכן, אויס, ארויס, — מאוועד, זאוועד, טראוועריק[3].

**ב.** — יי (פאר א מיטהילבער) [=עי (ej, ei), מיט קורצען ע אלס ערשטער וואקאל]; עוו (פאר ע).

צום ביישפיל: ביים, אייג, טייב, רייעך, שטייב, לייפן, קייפן, טייגן; — נייט, שטריי, ברייט, קריין, רייט, טייט, הייעך, גרייס, פארשיין, שטייסן, שיין, אזיי; — אייוון, הייז, הייף, הייל, אייבס, בייגן,ביידים, קייל, ווייל, פייגל, לייבם, וויינען, בייערן,

[1] ליפשיץ 8. — הארקאווי 17: אויבער, אויבעראפיציער, אויבערבעט, אויבערגייסטליכער, אויבערגעריכט, אויבערהאנט, אויבערהאר, אויבערהויז, אויבער-הויט און א. וו. — הורוויץ 16—17: אויבעררוק, אויבערקעפעל, אויבערהערר, אויבערשטער, אויבערשטיבל. — [2] אויפגעהויבען. — [3] אף אוו הוב איך דורמ מער נישט געהערט, ווי די דריי ווערטער. — אנשטאט פוועך געברויכט מען אין אוסטרע: גוי.

גיפלייגן, גיציייגן, אייב; — עווער, טעווער.

אָנמערקונג V. — אַקעגען דעם ליטעראַרישען א ו י ך וואָלט, הייסט עס, געדאַרפט זיין א יי ע ך; געברויכט מען, אָבער, אין אָסטרע די פאָרם ע ך[1]) (פאַראַלעל: עכ̄יט).

אָנמערקונג VI. — צווישען אַנדערע ערטער, איז די „אָסטרער" מונדאַרט פאַרשפּרייט, ווי עס שיינט, אויך אין שטעטעל טשער-ניכאָוו (וואָלין), ווו כ׳האָב געהערט: בריִיט (צום עסען); ע ווער.

אין פאָלקלאָריסטישע מיטיילונגען אויס שפּאָלי (קיעוו. ג.) [פון ה׳ יעקב אַפּטיִיקער] באַגעגען איך: איִיגן, טיִיגן, טיִיט, אַזיִי[2]), — און: שען, עך[3]). — אויך די שטאָדט גייט, ווייזט-אויס, אַריין אין קרייז פון דער מונדאַרט, וועלכע איך באַצייכען פראָ-וויזאָריש מיט׳ן נאָמען „אָסטרער"[4]), — אַף זיכער דאָס צו זאָגען קען מען נאָך נישט, מחמת ס׳איז אַפּ׳ן סמך פון די עטליכע ווערטער שווער צו דריִנגען: צי איז דאָס אויסנאַם[5]), צי כלל? —

IV. — אין דערדאָזיקער גרופּע האָבען מיר אַקעגען דעם ליטעראַרישען וי:

**א.** — וּ [ו — וואָס איז, ווי ס׳שיינט[6]), קורין].

ביישפּילען: 1) ד״ר ש. וויסענבערג אויס יעליסאַוועט-גראַד (כערסאָנ. ג.), באַשרייבענדיק די יידישע חתונה אין דרום-רוסלאַנד, רעדט פון דער גילדענער יוך[7]); 2) פון פּריוואַטע פאָלק-לאָריסטישע מיטיילונגען אויס האָליסקאָוו[8]) (פּאָדאָל. ג.) נעם איך צרויס: בוך, זוף, טובם, פוקער, פוקן[9]).

---

[1]) דער כ̄ וויער האַרט. — [2]) אויגען, טויגען, טויט, אזוי. — [3]) שוין, אויך. — [4]) איינפירען א באַשטימטע און ענדגילטיקע קלאַסיפיקאַציע פון די יידישע מונדאַר-טען, מיט אַ געהעריקער נומענקלאַטור צו איר, וועט מעגליך זיין ערשט, ווען ס׳וועט פעסטגעשטעלט ווערען זייער צאָל, און איטליכע פון זיי וועט אויסגעפורשט ווערען ווי ס׳דאַרף צו זיין. — [5]) ווי דער ײ אין קרעמעניץ-בערדיטשעוו (זיי אויבען ז׳ 217). — [6]) פערזענליך הוב איך נישט געהאַט די געלעגענהייט דידאָזיקע מונדאַרט צו באַאובאַכטען, און פון שריפטליכע מיטיילונגען איז סכה דעם פרט אומעגליך צו אור-טיילען. — [7]) „מיט״. 1905 ז׳ 70. — [8]) Голосковъ м. — [9]) יויך, בויך, זויף, טויבען, פויקער, פויקען.

**ב.** — וי אָדער יי.

וועלכער פון די ביידע דיפטאָנגען, קען איך נאָך נישט זאָגען. אין די דערמאַנטע פאָלקלאָריסטישע מיטיילונגען אויס האָליסקאָוו, האָב איך ביידע: 1) טויג, אויבער[1], און 2) גרויס, שויען, און אַז. וו. — די דערשיינונג דאַרף ערשט נאָכגעפאָרשט ווערען אַפ'ן אָרט.

---

[די ליטווישע מונדאַרטען]. — I. — מיר וועלען אָנהייבען פון דער פינסקער (מינסק. ג.) מונדאַרט. אַקעגען דעם ליטעראַרישען וי ווייזט זי:

**א.** — וי (כּאַר אַ מיטהילכער); אָוו (פאַר ע).

הייסט עס: בויך, טויב, מויל, טויז, יויך, הויז, פויק, פויקן, טויזנט, הויט, שרויף, מויז, קויל, קלויז, קרויט, פויל, פוילן, ברויכן, אויס, אַרויס; — מאָווער, זאָווער, טראָווערדיק, געטראָווען.

**ב.** — יי (עי — מיט קורצען ע אַלס ערשטער וואָקאַל).

ביים, אייג, טייב, רייך, שטייב, לייפן, קייפן, טייגן; — אייער, נייט, שטריי, ברייט, קריין, רייט, טייט, הייך, גרייס, פאַרשיין, שטייסן, שיין, אַזיי; — אייוון, הייז, הייף, הייל, אייבס, בייגן,ביידים, קייל, וויל, טייער, פייגל, לייבם, וויינען, בייערן, געפלייגן, געצייגן, אייב, אייך. —

II. — מיט דער פינסקער מונדאַרט שטימט אין דער דערשיינונג טיילווייז די האָמלער (מאָליוו. ג.), ווי עס כאַראַקטעריזירט זי גערזאָן[2]. — אויך דאָרט האָבען מיר:

**א.** — וי (oi).

טויב, מויל, טויז, הויז, פויק, טויזענד, הויט, מויז, קויל, מויער, קלויז, רוימען, אויס[3].

---

[1] טויג, אויבער (==אויב). —

[2] „Die juedisch-deutsche Sprache“. Eine grammatisch-lexikalische Untersuchung ihres deutschen Grundbestandes.— Von Jacob Gerzon. — Frankfurt am Main. — 1902. —

[3] l. c. ז' 25.

**ב. — אַ לאַנגען ע** [ê („וואָס ווערט אַמאָל אויסגעשפּראָכען מיט אַ לײַכטען נאָכקלאַנג" [1])].

בעם, עג, שטעב, לעפען, טעגען, עך [2]; — **ברעט, קרען, רעט, טעט, העך, גרעס, פאַרשען, שטעסען, שען, עער** [2]; — **עווען, העף, עבס, בעגען, בעדעם, קעל, וועל, טעער, פּעגעל, לעבען, וועגען, בערען, געפלעגען, געצעגען** [3].

אָנמערקונג VII. — ע ע ר [4]) און **ט ע ע ר** [4]) **האָבען פאַראַלעלע פאָר־מען: ע וו ע ר** [5]) **און ט ע וו ע ר** [6]). —

III. — **אין שקלאָוו, אַמטשיסלעוו** [7]), **כּיסלאָ־וויץ** [8]) (מאָליוו. ג.) **און, וואָרשײַנליך, אין זײַער אומגעגענד, האָבען מיר אַקעגען דעם ליטעראַרישען וי:**

**א. — וּי** (uj) [פאַר מיטהילכער], **וּ** (u) [פאַר ע].

אַזוי: **בּויך, טויב, מויל, טויז, יויך, הויז, פּויק, פּויקן, טויזנט, הויט, שרויף, מויז, קויל, קרויט, פויל, פּוילן, ברויכן, זויס, אַרויס**; — **מוער, זוער, גידוערן, גיטרוערן** [9]). —

**ב. — ײַ** (ei) [מיט קורצען ע, אַלס ערשטער וואָקאַל].

**בײַם, אײַג, טײַב, רײַך, שטײַב, לײַפן, קײַפן, טײַגן**; — **אײַער, נײַט, שטרײַ, ברײַט, קרײַן, רײַט, טײַט, הײַך, גרײַס, פאַרשײַן, שטײַסן, שײַן, אַזײַ**; — **אײַוון, הײַז, הײַף, הײַל, אײַבּס, בײַגן, בײַדים, קײַל, ווײַל, טײַער, פײַגל, לײַבּם, ווײַנען, בײַערן, געפלײַגן, געצײַגן, אײַב, אײַך** (אײַכעט).

---

1) l. c. ז׳ 21. — 2) l. c. 25. — 3) l. c. 22. — ליטעראַריש: בוים, אויג, שטויב, לויפען טויגען, אויך; ברויט, קרוין, רויט, טויט, הויך, גרויס, פאַרשוין, שטויסען, שוין, אויער; אויוועען, הויף, אויבס, בויגען, בוירעם, קויל, וויל, פויגעל, לויבען, וויינען, בויער, געפלויגען, געצויגען. — 4) דער ערשטער ע אַ לאַנגער (ד. ה. עפּטער: עי=ײַ). — 5) l. c. 25. — 6) l. c. 22. — [האַר. קאָוו: אויער (29), עווער (224)]. — 7) טראָפּ אַפ'ן טיטעלסטען ט־אַף. — רוסיש: Мстиславль. — 8) אַמטשיסלעוו. א. — 9) פּוּער (פויער) איז אין יענעם געגענד נישט באַקאַנט. אין כּיסלאָוויץ זאָגט מען: שטאָדטגוי (мѣщанинъ), דורפגוי (крестьянинъ). — גיטרוערן=געטרויען (довѣрять). — די װערטער טרויעריק, באַדויערן ווייסט מען אין יענעם קאַנט נישט.

אָנמערקונג VIII. — דער ו אין וי איז קורץ און אַביסעל אומ־דייטליך. אין דער אויסשפּראַך הערט זיך עפּעס צווישען u און o, טאַקי נאָהענטער צו o, נאָר דאָך u. ס'וואָלט זיך לאָזען דעם לויט אויסדריקען מיט אַ קורצען דיפטאָנג ou, אין וועלכען דער o, זייענ־דיק קורץ און ניט פול, איז פאָרט דייטליכער ווי דער u.

דער ו אין מוּטער און אַז. וו. איז קורץ, אָבער פול, אויס־דריקליך.

אָנמערקונג IX. — בוּ אוּיער, אין כיסלאַוויץ, פּאַראַלעלע פאָרם: עווער.

אָנמערקונג X. — אין „אַם־אורקוועל" III (1893) ז"ז 311—313, 338—340, איז אָפּגעדרוקט אַ נאָטיץ פון ראובן בן מרדכי ברײַנין: „דער דלות", — געשריבען אַף יידיש; אין דײַטשישער טראַנסקריפּציע, נאָר מיט דיאַלעקטאָלאָגישער אויסלייגונג, — לויט אַלע סימנים, אין דער מונדאַרט פון אויטאָרס געבורטסשטאָדט—ליאַדי (מאָליוּוער ג.).— אויך דאָרט האָבען מיר אַקעגען דעם ליטעראַרישען וי:

**א.** — וי (uj): — מויער, טויזנט, ויס (אויסברייִנגער, אויסקומען, קומט ניט אויס), ויף (אויפגיהאָדעוועט).

**ב.** — יי (ej): — אייגן; — טייט, גרייסער, שיים, אַזיי; — היילע, גיוויינט, פון אייבן, גיהייבן; — אייך, אייכעט[1].

אין דעם נאָטיץ קומט אויך פאָר די פאָרם bo:jch, — יוי ס'שיינט, אַלס פּראָבע געניטער איבערצוגעבען די אויסשפּראַך פון דעם מאָליווער וי. —

IV. — אין קאַידאַן (קאָוונער ג.) [און אין אַנדערע ערטער פון דערדאָזיקער גובערניע (דאַרפען ערשט אָנגעוויזען ווערען נאָך דער אָנזאַמלונג פון געהעריקען מאַטעריאַל)] פאַרטרעט דער לי־טעראַרישער וי:

**א.** — אָוּ (ou; די הויפטבאַטייטונג אין דיפטאָנג האָט דער o). באָוך, טאָוב, מאָול, טאָוז, יאָוך, ד״ז, פאָוק, פאָוקן טאָוזנט, האָוט, שראָוף, מאָוז, קאָול, קראָוט, פאָול, פאָולן.

---

[1]) ליטעראַריש: — אויגען, טויט, גרויסער, שוין, אזוי, הילע, געוויינט, פון אויבען, געהויבען, אויך.

בראָוכן, פאָוער, מאָוער, זאָוער, גידאָוערן, באָוען, טראָוערן, טראָוען, באַדאָוערן.

אָנמערקונג XI. — אָבער: אוֹיס, אַרוֹיס, —

**ב.** — ײַ [עי; דער ע קורץ און ניט פול, מיט אַ טענדענץ צו פאַרטונקעלונג ביז ניט־פולען אָ].

ד. ה.: בײַם, אײַג... און אַז. וו. (ווי אין דער פינסקער מונדאַרט). —

---

[מיטעלהויכדײַטש]. — ווען מיר ווענדען זיך צו דער מיטעל־הויכדײַטשישער שפּראַך, וועלכע דאַרף תמיד, ווען מ'פאָרשט יידיש, צוגעצויגען ווערען צו פאַרגלײַכונג, זעען מיר:

A. — די דערשײַנונגען **אָ** אין די באַטראַכטע פוילישע, דרום־רוסלענדישע און ליטווישע מונדאַרטען אַנטשפּרעכען דעם מיטעלהויכדײַטשישען לאַנגען u (פאַר אַ וואָקאַל — ûw).

ווי, צום בײַשפּיל: buch, tube, mul, tus, juche, hus, puke, puken, tusent, hut, schrube, mus, kule, kluse (אויך klus), krut, vul, vulen, bruchen, bur, (אויך bure), mure, sur (אויך suwer), duren, buwen, trure, trawen[1].

B. — די דערשײַנונגען **ב** אין דיזעלביקע יידישע מונדאַרטען שטייען אַקעגען דעם ou, ô און o [2]) אין מיטעלהויכדײַטש.

למשל: boum, ouge (אויך oug), toube, rouch, stoup (אויך stoub), loufen, koufen, tougen; — ôre (אויך ôr), nôt, strô, brôt, krône (אויך krôn), rôt, tôt, hôch, grôz, përsône (אויך përsôn), stôzen, schône (אויך schôn), sô; — oven, hose, hof, hol, obez (אויך obz), boge, bodem, kol, wol,

---

[1]) גענומען אויס: „Mittelhochdeutsches Taschenwoerterbuch". Von Matthias L e x e r. — Neunte Auflage. Leipzig. 1908. — ז"ז 30, 274, 169, 276, 117, 110, 190, 277, 111, 220, 171, 136, 123, 135, 358, 30, 31 (32), 171, 258, 39, 32, 274. — אויך: sûfen (l. c. 255; ==זופען). — [2]) o: מיט'ן דעכעל — לאַנג, אָהן אַ שום סימן — קורץ.

(אויך wole), tor, vogel, loben, wonen, born, ge-zogen, ob [1].

אָנמערקונג XII. — אַקעגען די מה״ד [2] ou און ô האָבען מיר אין די ייִדישע מונדאַרטען שטענדיק די דערשיינונגען ב, אַקעגען דעם מה״ד o, אָבער: 1) די דערשיינונגען ב; 2) אָ̂ [זיי געזאָ̂ן ז׳ 22].

אָנמערקונג XIII. — אין נייהויכדייטש זענען דער û (דערשיינונג A) און דער ou (דערשיינונג B) פון מיטעלהויכדייטשישען ניוועלירט געוואָרען אין איין au. — אַלזאָ: Bauch, Taube, Maul, Taus, Iauche, Haus, Pauke, pauken, tausend, Haut, Scraube, Maus, Kaul, Kraut, faul, faulen, brauchen, Bauer, Mauer, sauer, dauern, bauen, trauern, trauen; — און Baum, Auge, taub, Rauch, Staub, laufen, kaufen, taugen [3]. — דער מיטעלהויכדייטשישער ō (דער לאַנגער און דער קירצער) בלייבט אין נייהויכדייטש (נאָר מיט געוויסע ענדערונגען בנוגע דער לייִנג).

---

נספּח איינצעלנע װאָקאַבלען. — די ליטעראַרישע אויס און אַרויס צַנטשפּרעכען, ווי מיר האָבען געזייען:

1) אין די פּוילישע מונדאַרטען — אָ̂ס, אַראָ̂ס (אָדער: אָ̂וס, אַראָ̂וס; — אָ̂וס, צַראָ̂וס; — אָ̂ועס, צַראָ̂ועס); אין סאָקאָלאָוו — אָ̂וס,

---

[1]) גענומען אויס לעקסערס װערטערבוך, ז״ז 28, 183, 269, 202, 250, 151, 131, 270; — 182, 178, 252, 29, 134, 201, 269, 103, 85, 185, 250, 217; — 184, 106, 104, 181, 27, 129, 392, 268, 347, 149, 393, 27, 80, 180. — אויך: ge-wonen (80 l, c), oben (181). —

[2]) אַברעווי־אַטור פון: „מיטעלהויכדייטש".

[3]) גענומען אויס: „Нѣмецко-Русскій Словарь"... подъ редакціей К. Θ. Тіандера... С. Петербургъ. Книгоиздательское товарищество „Просвѣщеніе". — 1911. — ז״ז 159, 1248, 851, 1249, 675, 584, 945, 1249, 587, 1115, 852, 701, 760, 402, 236, 160, 850, 1066, 276, 160, 1270, 1269, 161, 109, 1247, 1003, 1198, 791, 701, 1249.

אַרְאָוּס; אין „אָסטרער״, פּינסקער און האָמלער מונדאַרטן — אויס, אַרויס; אין דער „שקלאָווער״ — אויס, אַרויס [אַלץ דערשיינונגען א];

2) אין בראָק-לאָמאַזי, אין קרעמענעץ-בערדיטשעוו — אויס, אַרויס [דערשיינונגען ב];

3) אין „קאַידאַנער״ מונדאַרט — אויס, אַרויס [ניט א און ניט ב!].

אין פלוק קומט-אויס, אַז די סכעמע איז געשטערט, ווארום אויבען זענען מיר געוויינט געוואָרען, אַז דאָס וואָרט, וואָס גייט אין איין גרופּע מונדאַרטען אַריין אין די דערשיינונג א, געפינט זיך אין דער צווייטער גרופּע מונדאַרטען אויך אין דער דערשיינונג א; און, פאַרקערט, דאָס וואָרט, וואָס אין איינער פון די עטליכע גרופּעס איז זיין אָרט אין דער דערשיינונג ב, דאַרף מען עס אויך אין די איבריקע גרופּעס זוכען אין דער דערשיינונג ב.

אָבער, ווענדיינדיק זיך צום מיטעלהויכדייטשישען ווערטערבוך, זעען מיר דאָרט פּאַראַלעלישע פאָרמעס:

1) ûz, ûz-hër [1] [דערשיינונג A], אַקעגען וועלכע עס שטייען אונזערע א;

2) ouz, ouz-hër [דערשיינונג B], אַקעגען וועלכע עס שטייען אונזערע ב.

בלויז די „קאַידאַנער״ אויס און אַרויס בלייבען אין דער זייט אָהן אַ דערקלערונג, מחמת אין זייער מונדאַרט האָבען מיר אַקעגען מה״ד û — וּ, און אַקעגען מה״ד ou, ô, o — יי, — וואָלט, הייסט עס, לויט סכעמע, דאַרפען זיין: אָוּס, אַרְאָוּס (אַקעגען ûz, ûz-hër) אָדער אייס, אַרייס (אַקעגען ouz, ouz-hër). —

——— אַקעגען דעם ליטעראַרישען אויך האָבען מיר:

אין די פּוילישע מונדאַרטען — אָאָך (און — אָוּך, אָוּך, אָעך) [דערשיינונג א];

אין די דרום-רוסלענדישע — אויך (אין די ערשטע צוויי גרופּעס), עך (אין דער דריטער) [דערשיינונג ב]; אין די ליטווישע — אייך, און — עך (לויט גערזאָן) [דערשיינונג ב].

---

1) לעקסער 308, 309.

אין מיטעלהויכדײַטש זײַען מיר: ouch, ôch, och [1] [דערשײַנונג IB. —

דאָס פוילישע געשטאַלט פון דעם וואָרט גייט, אַלזאָ, אַרויס פון דער סכעמע. לויט דער סכעמע נאָך וואָלט אין פוילען דאַרפען זײַן: אויאָך.

נישט ווילענדיק, וואַרפט זיך אין די אויגען די אַנאַלאָגיע צווישען דעם פוילישען אָאָך (אַנשטאָט דעם טעאָרעטיש ריכטיקען אויאָך) און דעם „אָסטרער" עך (אַנשטאָט דעם טעאָרעטיש ריכטיקען איייעך). אין פוילען, וואָלט אויסקומען, איז אָפגעפאַלען דער אוי, אין אָסטרע — דער איי. דער אָאָך און עך, זאָל עס הייסען, זענען די אין געברויך פאַרײַנפאַכיקטע רעשטען פון אַנדערע פאָרמען, וואָס האָבען אפשר טאַקי קיינמאָל נישט עקזיסטירט, — לאָזען זיך, אָבער, טעאָרעטיש דענקען. נעמען מיר אָן די השערה, איז שוין דעם אָאָך נישט צו רעכענען אין דער דערשײַנונג א, נאָר (נאָך דער טעאָרעטיש ריכטיקער פאָרם: אויאָך) אין דער דערשײַנונג ב, ווי די סכעמע פאַרלאַנגט ווירקליך. —

——— אַקעגען דעם ליטעראַרישען אויף, אין אַלע זײַנע פונקציעס, געפונען מיר:

1) אין די פוילישע מונדאַרטען:

a) פּראָפּאָזיציאָנאַל: אָף (דער אָ קירץ; לאַנג — נאָר ווען באַטאָנט): „אָף דעם טיש... אָפ'ן וואָגען... אָפּס טויט" [2] [וואַרשע און אומגעגענד; ליובלין און אומגעגענד; פּעטריקאָוו. ג.]; —

б) פּורזילביק און אַדווערביאַל: א) אָאָף (אין שנעלען רעדען אָפּט: אָף): „צאָאָפּהייבם, שטיי-אָאָף" [אין וואַרש., ליובלינ., פּעטריק., ראַדימ. ג"ג (אין וואַרשע און ליובלין גופא — זעלטען)]; — ב) איף: „איפּהייבם [3], הייב-איף" [אין גאַנצען געביט פון

[1]) לעקסער 181, 183. — [2]) דער אָ לאַנג: „ד'לייגס' טאָס שלאַכט: מ'דאַף נישׁ' אינטערן וואָגן, נאָע אָאָפּן וואָגן!" — [3]) אין וואַרשע און ליובלין וועָרט אויסגעשפּראָכען נישט: איפּהייבם, נאָר: איפּ-הייבם (דער הויכטון — אף איף, און אַף „היי" — דער טיפטון, וואָס איז אין קראַפט כמעט גלײַך צום הויכטון; דערפון קומט-אַרויס, אַז די צוויי זילבען קענען נישט אויסגעשפּראָכען ווערען צונויפגעגוסען און ווערען אַרויסגערעט פונאַנדערגעטרענטערהייט). — דאָס ברייטע יידישע פּוב-

די פּויליִשע מונדאַרטען; אין וואַרשע און ליובלין אַלס נאָרם[1]).

2) אין די דרום-רוסלענדישע מונדאַרטען:

a) פּרעפּוזיציאָנאַל: אַף (אַ—קורץ); — б) פּורזילביק און אַדווערביאַל: איף און אָף (ביידע גליַיכבאַרעכטיקט, נאָר די ערש-טע פאָרם פּאָפּולערישער; ווען אָף אין הויכבאַטאָנטער זילב, איז אָ מעסיק-לאַנג). — [סאָקאָלאָוו, קרעמעניץ, בערדיטשעוו]. —

3) אין די ליטווישע מונדאַרטען:

a) פּרעפּוזיציאָנאַל: אַף: „אַפ׳ן קאָפּ... אַף גאָט... אַפ׳ן לײַב... אַפ׳ן אַל-מער"... (אַ—קורץ). [אין האָמעל[2]); אין כיסלאַוויץ, אין ליאַדי[3]), אין קאַידאַן].

б) פּורזילביק און אַדווערביאַל: אוף (דער u — קורץ): „אופשרײַבם... שרײַב-אוף" [האָמעל[2]); כיסלאַוויץ[4]), קאַידאַן]; אויף [ליאַדי[3])]. —

אָנמערקונג XIV.— אין סלוצק (מינסק. ג.): איִף, אַף[5]) [ביידע פּרעפּוזיציאָנאַל]. —

אין ראָהאַטשעוו[6]) (מאָליוו. ג.): אָף, אַף (פּרעפּ.), אוף (פּורז., אַדוו.). —

אין טעטעריִן (מאָל. ג.): אָף [פּרעפּ.][7]).

אין קאָווני[8]), פּלונגיאַן[9]), (קאָוונ. ג.): אָף, אַף. — אין סלאָבאָדקע[10]) (קאָוונ. ג.): אַף. — [פּרעפּ.].

אין סטאַוויִשקי (לאָמז. ג.) [דאָס שטעטעל געפינט זיך אין דעם טייל פון דער גוב., וווּ ס׳הערשט שוין דער ליטווישער דיאַ-לעקט]: — אַף (פּרעפּ.), אוף (פּורז., אַדוו.). — —

---

ליקום אין פּוילען שרײַבט טאַקי שטענדיק די פּורזילב באַזונדער און דאָס צײַטוואָרט (אָדער הויפּטוואָרט) באַזונדער (די, אַף אונזער קוק, ניִשט ריכטיקע שרײַבונג אַנטשפּרעכט פּולקום דער לעבעדיקער אויסשפּראַך).

[1]) אין מוזשיץ נאָר אָאָף. — [2]) גערוין 25. — [3])

[4]) אויך: „שרײַב-אופּיט". — [5]) „מיט". 1912 (ייִדישע פּאָלקסליִעדער אַוּם רוסס-לאַנד". — פון ראַבבינער ס. בײַלין, אירקוטסק), 125—128. — [6]) l. c. 132—134. — „מיט". 1913, 12 און פּ"פּ, 134 א. פּ"פּ. — [7]) „מיט". 1906 („מערלען ונר שוועַנקע", אין אַמעריקאַ אוּם דעם סוגדע רוססישער יודען אופגעצייכנעט פון לעוו היִנענער) 69. — [8]) l. c. 74. — [9]) l. c. 71—72. — אין פּלונגיאַן אַף פֿאַרשפּרייטער, ווי אָף. — [10]) l. c. 73.

מיטעלהויכדײַטשיש: ûf, ouf [1]).
הייסט עס:

1) נאָך דער סכעמע:

a) דער פוילישער אָ̂ף, דער ליאַדי'ער אויף [אַקעגען מה"ד û]; —

б) דער סלוצקער איִף [אַקעגען מה"ד ou]. —

2) אויסער דער סכעמע: דער אָ̂ף מיט קורצען אָ̂ אין פוילען [שטייענדיק אין אומבאַטאָנטער זילב, גייט ער סײַ-ווי בישט אַרײַן אין קרײַז פון אונזער טעמע!]; דער פוילישער איִף [אומנאַטירליך, מחמת שטייט כסדר אין באַטאָ̂נטער זילב]; די דרום-רוסלענדישע (באַטאָ̂נטע!) אָ̂ף און איִף; דער ליטווישער אוף [רעגעלמעסיק וואָלט זײַן: אויף (פינסק, האָמעל), אויף (ביסלאַוויץ), אָ̂וף (קאידאַן)]. —

——— אין דער ליטעראַטור האָבען מיר צוויי אַלצײַנסקלינגענדיקע ווערטער: 1) רוימען [פליסטערן; ווערט, געוויינטליך, געברויכט נאָר מיט דער פאָרזילב איינ- („איינרויטען א סוד אפ'ן אויער")]; 2) רוימען [רייניגען („רוימען די שטוב")].

אַנמערקונג XV. — ליפשיץ (39, 203, 11) האָט פאַר ביידע וואָקאַבלען איין געשטאַלט: ראָ̂מען [אָפּראָ̂מען, אָ̂פּראָ̂מען (убрать, убирать); איינראָ̂מען (нашептывать)]. — דאָס-אייגענע הורוויץ (18, 21): אויסראָ̂מען (פנה), איינראָ̂מען (לחוש). — דריזין (753, 816) פונאַנדערטיילט: אויפראָ̂מען (убирать), איינרוימען (шептать). — האַרקאַווי (312, 315, 57): ראַמען, רוימען (רייניגען), איינרוימען (פליסטערן). — —

אין די מונדאַרטען:

1) אין די פוילישע: ראָ̂מע (אין ביידע טײַטשען) [לויט סכעמע, אַקעגען מה"ד rumen [2]) (רייניגען א. א. וו.) און rûmen, runen [3]) (שטיל רעדען, פליסטערן)].

2) אין קרעמעניץ-בערדיטשעוו: ראָ̂מין (אין ביידע טײַטשען; ווי

[1]) לעקסער 285. — [2]) לעקסער 203.

באַ ליפשיצען) [שטערט די סכֿעמע ! [1]]

3) אין די ליטווישע מונדאַרטען : **ר וּ י מ ע ן** [אין האָמעל (גער־זאָן 25) ; וויַיזט-אויס אין בּיידע טיַיטשען] [לויט סכֿעמע, אַקעגען דעם מה״ד û] ; — **ר אַ מ ע ן** [אין כּיסלאַוויץ („צוראַמען, אַריַינראַמען״ [2]), — דער טראָפּ אַף דער פּאָרזילב) ; אין קאַידאַן, אין סקידל (גראָדנ. ג. און א.) — (אין בּיידע טיַיטשען)] — [אויסער דער סכֿעמע ; אפילו נישט אַקעגען דעם מה״ד râmen !] .

——— דאָס ליטעראַרישע קוּים דריקט-אויס : דאָס פּוילישע **ק אָ̂ ם**, דאָס דרום-רוסלענדישע און גאַליציִשע **ק אָ̂ ם** [3]) (אָ̂ — מעסיק-לאַנג), דאָס ליטווישע **ק אַ ם** [4]) (אַ—קורץ) .

מה״ד kûme, kûm [5]) .

אין דער סכֿעמע איז נאָר **ק אָ̂ ם**. — **ק אָ̂ ם** און **ק אַ ם** לאָזען זיך, דאַגעגען, פאַרגליַיכֿען מיט kâm, kôm, kam פון די **א י צ ט י ־ ק ע ד יַ י ט ש י ש ע** מונדאַרטען [6]) .

——— אין דער ליטעראַטור — **ש וּ י ב**. — אין די פּוילישע מונד־אַרטען — **ש אָ̂ ב** ; אין דער קרעמענעץ-בּערדיטשעווער — **ש אָ̂ וּ ב** ; אין אַמטשיסלעוו — **ש וּ י ב**. —

אין די אַלע מונדאַרטען פאָלקאָמענע אַנאַלאָגיע מיט דער דער־שיַינונג **אָ̂**, און ס׳וואָלט זיך דאַכטען, אַז אַקעגען שטייט אַ מה״ד û.

---

[1]) לויט סכעמע וואָלט דאַרפען זיין : **ראָ̂ומען** אודער **ר וּ מ ע ן** (ראָמען) [אַקעגען מה״ד rûmen, râmen (רייניגען)] ; **ראָ̂ומען** אודער **רוימען** [אַקעגען מה״ד rûmen ז, rounen (פליסטערן)]. — דאָס אָפּטרעטען פון דער סכעמע לוזט זיך, אפשר, דערקלערען דערמיט, וואָס בּיידע ווערטער ווערען אין **ד ר ו ם ־ ר ו ס ל אַ נ ד** געבּרויכֿט דאָס רוב מיט **אָ פ ו ר ז י ל ב**, אַף וועלכֿער עס פאַלט דער הויכֿטון, אַזוי אַז דער שטאַמוואָקאַל קומט-אויס אין **ל ע ב ע נ ט ו נ י ק ע ר** זילבּע [דערבּיַי דאַרף מען וויסען, אַז אין קרעמעניץ-בּערדיטשעוו, למשל, איז דער **ט י פ ט ו ן** באַטיַיטעוודיק-שוואַכֿער, ווי אין פּוילען, דערהויפּט ווען אים קומט-אויס צו פאַלען גליַיך נאָכֿ׳ן הויכֿטון ; דעריבּער איז אין קרעמ..בערד. אויך דער צונויפגוס פון פורזילב מיט ציַיטוורט אודער הויפטוורט פולקומענער]. — [2]) צוראַמען די שטוב ; אַריַינראַמען אַ סוד. — [3]) ליפשיץ 182 ; הור־וויץ 82 (לעבען **ק וּ י ם**) ; דרייזין 119 : **קאַם** (אָהן ניקוד !). — [4]) האַרקאַווי 294 : **קאַם** און **קוים**. — גערזון 25 : **קאַם** (אוים הומעל). — [5]) לעקסער 136. — [6]) גער־זון 128.

נאָר ס'איז, אָבער, נישט מער, ווי אויסערליכע ענליכקייט, וואָ-רום אין מה״ד געפינען מיר גאָר די פאָרם schîbe[1]. דער וואָקאַ-בעל פאַלט, אַלזאָ, אַרויס פון אונזער טעמע. —

——— די ליטעראַרישע מויד האָט אַקעגען זיך: אין די פוי-לישע מונדאַרטען — מאָ̂ט; אין כיסלאַוויץ — מויד; אין אייניקע ליטווישע געגענדען — מאַד; אין קרעמעניץ-בערדיטשעוו — מויד[2].

אָנמערקונג XVI: אין די יידישע מונדאַרטען פון ביימען, מיירען, אונגאַרן: מאַד[3].

מה״ד: maget, magt, mait, meit[4].

ווי מיר זעען, גייט דער וואָקאַבעל אינגאַנצען נישט אַריין אין ראַמען פון דעמדאָזיקען באַטיך.

מאַד[5]) שטייט אַקעגען maget[6], magt[6], ווי נאַכט, האַל-טען, טאַנצען, גאַסט[5]) — אַקעגען מה״ד naht, halten, tan, zen, gast[7]. —

מאָ̂ט און מויד פון איין זייט, מויד פון דער אַנדערער — שטעלען-פאָר אַ ביישפיל פון אַנאַלאָגיעבילדונגען[8]. —

——— די ליטעראַרישע בלוי, גרוי האָבען אַקעגען זיך: אין די פוילישע מונדאַרטען און אין דער בראָ̂ק-סאָ̂קאָ̂לאָ̂-ווער — בלאָ, גראָ; אין די דרום-רוסלענדישע (קרעמע-ניץ-בערדיטשעווער און „אָ̂סטרער") — בלאָוו[9], גראָוו[10], אין די ליטווישע — בלאָ̂וו[11], גראָ̂וו (אין פינסקער), בלאָ̂, גראָ̂[12] (אין כיסלאַוויץ).

---

[1]) לעקסער 214. — [2]) ליפשיץ 117 — מאָ̂יד; דרייזין 116, האַרקאַווי 196 — מויד. — [3]) „דער אורקוועל" I 120, 174. — [4]) לעקסער 153. — [5]) אַ — קורץ. — [6]) a — קורץ. — [7]) לעקסער 173, 90, 264, 60, a[1] — קורץ]. — ווי אויך גערזון 20. — [8]) טעאָרעטיש וואָלט אין אַלע דיאַלעקטען, אויסער אייניקע דרום-רוסלענדישע, דאַרפען זיין מאַד; אין געוויסע דרום-רוסלענדישע, ווידער: מאָ̂ד (לויטין טיפ פון טאָ̂נצן, האָ̂לטן, גאָ̂סט). — [9]) ליפשיץ 59; דרייזין (Полный русско-новоеврейскій словарь... 87, 672; הורוויץ 28: בלאָה און בלאָוו. — [10]) ליפשיץ 72; דרייזין 729, 731; הורוויץ 35—36: גראָה, גראָוו, גרוי. — [11]) אויך אין דער הומלער (לעבען בלוי), ווי גערזון 24. — [12]) האַרקאַווי 84 — 85: בלאָה, בלוי; 110: גראָה, גרוי. — גערזון 23: גראָ̂ (אָ̂ — לאַנג) [אין הומעל].

דיִ אַלע געשטאַלטען באַציִען זיִך צו דיִ מה״ד blâ [1]) (געניטיִוו — blâwes), grâ [2]) (געניטיִוו — grâwes), וויִ דיִ פּוילִיש-דרום-רוסלענדיִש-גאַליִציִשע: יאָר, נאָט, האָר, אָוונט, מאָל, נאָדל, נאָך, שטאָל, פּאָר, קראָם, שאָף [3]) און אַז. וו., און דיִ ליִטוויִשע: יאָ̂ר, נאָ̂ט, האָ̂ר, אָ̂וונט, מאָ̂ל, נאָ̂דל, נאָ̂ך, שטאָ̂ל, פּאָ̂ר, קראָ̂ם, שאָ̂ף [4]), און אַז. וו., צו דיִ מיִטעלהויכדייטשיִשע: jâr, nât, hâr, âbent, mâl, nâdeł, nàch, stâl, pâr, krâm, schâf [5]) און אַז. וו..

אָנמערקונג XVII. — איִן דרום-מיִירען — בלאָ̂וב [6]).

---

[אויס דיִ גאַליִציִשע און בוקוויִנער מונדאַרטען]. — וועגען דיִ יִדיִשע מונדאַרטען אויסער רוסלאַנד און רוסיִש-פּוילען קען איִך שוין ניִשט רעדען פון אייגענער באַאָבאַכטונג. ס׳בלייבט נאָר זיִך צו באַנוצען מיִט דעם קנאַפּען ביִסעל פאָלקלאָריסטיִשען מאַטעריִאַל, וואָס איִז איִן פאַרשיִדענע צייטען פאַרעפענטליִכט געוואָרען איִן „אַם אור-קוועלל״, „דער אורקוועלל״, „מיִטטיילונגען צור יִדיִשען פאָ̂לקס-קונדע״, — איִן דיִאַלעקטאָלאָגיִשער טראַנסקריִפּציִע (אַף וועלכע מ׳קען זיִך, אָבער, צום באַדויערן, ניִשט תמיד פאַרלאָזען). —

איִן אַ ליִד אויס גאַליִציִע [7]) זעען מיִר אַקעגען דעם ליִטע-ראַריִשען וי:

**א.** — אָ̂ו (ou) [אַנטשפּרעכט דעם מה״ד û]: — מאָ̂ול, פּאָ̂ול, אָ̂וס (פּרעפּוזיִציִאָנאַל: „אָ̂וס דער קאָרט״; אַדווערביִאַל: „גלעט זעך אָ̂וס״), אַראָ̂וס („אַראָ̂וספיִרן״), אָ̂וף (פּרעפּוזיִציִאָנאַל), אָ̂וך [8]).

**ב.** — וי (oj): — הויקער [9]). —

ענליִך איִן שפּריִכווערטער [10]) און איִן אַ מעשהלע אויס מזרח-גאַליִציִע. —

---

[1]) לעקסער 25. — [2]) לעקסער 84. — [3]) דער אָ איִבעראַל לאַנג. — [4]) דער אָ̂—איִבעראַל לאַנג. — [5]) לעקסער 116, 174, 91, 1, 154, 173, 172, 244, 184, 132, 209. — [6]) „אם אורקוועלל״ IV 43. — [7]) „מיִטט״. 1910, 151—152. — [8]) דער וואָקאַבעל שטערט דיִ סכעמע. רעגעלמעסיִק וואָלט דאַרפען זיין: איִד. — [9]) מה״ד hocker (לעקסער 103). — [10]) „דער אורקוועלל״ I (1897) 273—27, l. c. 121—122.

**א.** — אָוּ (ou): — מאָוז, אָוס („אָוסוועפּען", „מעלק-אָוס"), אַראָוס (אַדוועֶרבּיאַל: „נעמט-אַראָוס"), אָוך[1]).

**ב.** — וֹי (oi): — קויפן, — טויד, גרויס, שטויסט, שוין, וו[?]אַזוי, — בוידים, לויבן, געפלויגן, געשטויגן[2]). —

אַנדערש אין פאָלקסמעשיות אויס סטאַניסלוי (גאַליציע[3]) —

**א.** — אַוּ (?) (au): — מאַול, יאַוך, פּאַול, זאַוס („אַוס דער יאַוך", „אַוסגעבראָכענע"), אַראַוס („פליט-אַראַוס", „אַראַוסגעפלויגען").

**ב.** — וֹי (oj): — אויג, לויפען, קויפען, — גרויס, שטויס, שוין, אַזוי, — הויזען, געפלויגען, אָנגעהויבען[4]).

אויך אין אַ יידיש וויגליד אויס גאַליציע[5]) —

**א.** — אַוּ (?): — אַוס („הער מאַן ליד אַוס"), אַוסער.

**ב.** — וֹי (oj): — אויגאַלאַך, — טויד, גרויס, שוין, אַזוינס, — בוידים.

אָנמערקונג XVIII. — אַקעגען דעם ליטעראַרישען אויף: — אָף (מיט קורצען אָ) [„אָף ים בוידים", „אָפּגעהערט"[6]), „אָף פּלייש"[7]), „אָף דאַן אָרט"[8])]. —

——— אין פאָלקסמעשהלעך[9]) אויס בוקאָווינע קאָנסטאַטירען מיר אַקעגען דעם ליטעראַרישען וֹי:

**א.** — אַוּ (?): — באַוך, קלאַובען[10]), לאַוזען[11]), קאַופלייט[12]), אַראַוס („אַראַוסגענאָמען"), דאַראַוס, אַוך[12]), אַוכעט[12]).

**ב.** — וֹי (oj): — גרויס, שוין, אַזוי, — אויוון, בוידעם, געוויינט, זאָנגעהויבען.

אָנמערקונג XIX. — אַף („אַפ'ן אויוון"). אָף („אָפּמאַכען", „מאַכטס מיר אָף"). —

---

[1]) ווי אָנמ. 8 אונטערן טעקסט אף ז' 230. — [2]) אקעגען מה"ד ô, o. — [3]) מיטגעטיילט פון מאַקס ווײַסבערג (l. c. 345—346). — [4]) די סכעמע אויס־געהאלטען, נאָר דער אַוּ איז מיר פאַרדעכטיק. — [5]) מיטגעטיילט מיט דער מעלודיע פון מ. וווראַק (l. c. 239—242). — [6]) l. c. 273—279. — [7]) l. c. 345—346. — [8]) l. c. 239—242. — [9]) „מאַאַסע פון דעם באַביושקולע" (l. c. 13—14), „דער ליץ" (l. c. 344), „די זשאַבע פאַר אַ לילקע" (l. c. 345). — [10]) מה"ד (לעקסער 127) klûben. — [11]) מה"ד (לעקסער 153) lûzen. — [12]) גייט־ארויס פון דער סכעמע.

[אין בּיימען, מיירען, אונגאַרן און סלוואַקײַ]. — אין די ייִדי־שע פאָלקלאָריסטישע קלייניקייטען, וואָס זענען פאַרעפענטליכט געוואָרען אויס בּיימען[1], לאָזען זיך באַמערקען:

**א.** — אַו (au) [אַקעגען מה״ה û]:

האַוז, מאַוז, פאַול, בראַוך, אַוס („ס׳גוואַטערשאַפט איז אַוס״, „אַוסלייהען״), ערויס, הערויס („ער שטעקט־הערויס״), אַוף („שטיי־ נ ן״).

**ב.** —

1) אַ (a, — ווי כ׳שײַנט, לאַנגער) [אַקעגען מה״ד u]:

אַגען, לאַפט, קאַכט, אַף („אַף די פיס״), אַך[2].

2) וי (oj) [אַקעגען מה״ד ô און o]:

ברויט, טוידטען, גרויסע, שוי[3], עזוי, — אויבערדעק, הויקער.

——— אויס מיירען[4]:

**א.** — אַו: — בראַוכט, באַוט, אַוס („אַוס איר פענדל״, „טרינקען־אַוס״), ענאַוס („גיי׳כ׳ ענאַוס״), ערויס („ערויספינדען״), אַוף („אַופגעוואַקסן״). —

**ב.** —

1) אַ: — דאָרנבאַם, לאַף, קאַפען, צאַ[5] („אַף ע נאַרען״). אַך[6].

2) וי: — גרויס, — הויף, ווינט.

——— דיזעלביקע סכעמע געפינען מיר אין דער זאַמלונג פון

---

[1]) „ייִדישע שפּריכווערטער און רעדענסאַרטען״, געזאַמעלט פון י. עהרליך (אויס בּיימען), „דער אורקוועלל״ I 172—175; „דע מאַיסע פון דלות״ (אויס בּיימען), פון יעקב עהרליך, l. c 80—81. — [2]) אויגען, לויפּט, קויפט, אויף, אויך. — [3]) שוין. — [4]) „ייִדישע שפּריכווערטער און רעדענסאַרטען״ (אויס מיירען), פון Benno [אויס ברין (Brünn)], „דער אורקוועלל״ I 271—272; „יידיש פולקליד״ (מיירען), מיטגעטיילט פון עדואַרד קולקע, „אם אור־קוועלל״ VI, 97; „ייִדיש וויגליד״ (אויס דרום־מיירען), מיטגעטיילט פון עדואַרד קולקע, l. c. 43. — [5]) קולקע (l. c. 97) ברענגט: אָף („אָף ראַקעוויץ״). —
[6]) דורנבוים, לויף, קויפען, אויף, אויך.

24 יידישע שפּריכווערטער אויס פּרעסבורגער קאָמיטאַט (אין אויבערונגאַרן) [1]:

**א:** — בראַוכט; — **ב:** — 1) אַגען, אַף („אַף ע מאָדיגע גאַס”), 2) גרויס [2]. —

——— אויך אין ברעזאָוואַ [נייטרער קאָמיטאַט, אויבערונגאַרן (סלאָוואַקיי)] [3]: —

**א.** — דאָראַוס, עראַוסציגיין. —

**ב.** — 1) אַגען, לאַפען, קאַפּען, טאַג, אַך, אַף [דער אַ — איבעראַל לאַנג];

2) טויט, גרויס, שוין, עזוי; — פויגעל, לויבען.

אָנמערקונג XX. — אויסנאַם: עב (מיט לאַנגען ע) [=אויב]. דערמאָנט קרעמעניץ-בערדיטשעווער אייב [זיי אויבען ז' 217]. —

אָנמערקונג XXI. — אין מה"ד גופא האָט עקזיסטירט לעבען ou אַ פאַראַלעלער â: boum, bâm [4]; — stroum [5], strâm [6].

---

[1] „דער אורקוועלל” I 49—50. — [2] אין „דער אורקוועל” I 119 — 121 זענען אָפּגעדרוקט 30 יידישע שפּריכווערטער „אויס מיירען, ביימען און אונגאַרן”, געזאַמעלט פון באַקאַנטען דייטש-יידישען געלערטען און שריפטשטעלער עדוואַרד קולקע, וואָס הוט די לעצטע פאָר יאָר פאַר'ן טויט זיך פאַרינטערעסירט מיט יידישען פּאָלקלור און אַרויסגעוויזען אַ שאַרף אויער פאַר די פונעטישע אייגענטימליכקייטען פון די יידישע מונדאַרטען אין די דערמאַנטע געגענדען. — אין דער קליינער קאָלעקציע געפינען מיר דיזעלביקע דערשיינונגען:

**א.** [נעמסטע-אַוס, אַופהעבען]; **ב.** [1) אַך; 2) ברויט, גרויסע, שוי(=שוין), ע זוי, — ווינט, אויבערחכם, זויהלע (=זוילען; מה"ד sol — לעקסער 238)].

מיר באַגעגענען דורט זוגאַר יוֹי („עס וועלט ע זוי פערוואהר יוי זיי, וויע עס ניט איז”) [אַקעגען מה"ר (לעקסער 117) jô (אין דער טייטש fürwahr, jadoch)].

לעבען אַוף (אַלם פּורזילב) — אוֹף (פּרעפּוז.) [ווי ס'שייט, מיט לאַנגען o]; לעבען אַוס (אַדווערב.) — אוֹס (פּרעפּוז.) [ווי ס'שיינט, מיט לאַנגען o]; — דער אוף און דער אוס — נורם אין די פּוילישע מונדאַרטען (זיי אויבען ז' 214). —

ענדליך, זייען מיר דורט די פורם öb (עב) [זיי אויבען אָנמערקונג XX]. —

[3] „לידער אוס דער סלוואַקיי”, אויפגעצייכנעט פון ראַב. ד"ר י. טאַגליכט, וויען. „מיט”. 1906, 58—62. — [4] לעקסער 10. — [5] דורטען 252. — [6] דורטען 250.

אין דער היינטיקער הײדעלבערגער דײטשישער מונדאַרט [1]) הערען מיר: Aage (אויגען); אין ווײבשטאַדט [2]) (בײַ הײדעל-בערג): kâf (קויף), â (אויך).

---

[צוגאָב]. — נאָך מאַטעריאַל אַף די טעמע איז מיר צוגעקומען שוין נאָך דעם, ווי דער נאָטיץ איז געווען אויסגעזעצט. איך ברײנג אים דאָ: דאָס שטערט אפילו דעם אויסערליכען סדר פון עטיוד, אָבער דאָס אַלגעמײנע בילד פון דער דערשײנונג קומט-אויס אינ-טערעסאַנטער.

—— ווענגראָ̂וו (געווען שיעדלעצ., יעצט לומזער ג.) [אַף יידיש: ווענגעראָ̂ווע, ווינגעראָ̂ווי (דער טרופּ אַף דער ערשטער זילב)] גײט אים-אַלגעמײן אַרײן אין קרײז פון דער מונדאַרט, וואָס הערשט אין סאָ̂קאָ̂לאָ̂וו (אַף יידיש: סאָ̂קעלאָ̂ווע) און דער אומגעגענד — און שטעלט-פאָר דעם פאָרפּאָסטען פון די דרום-רוסלענדישע מונד-אַרטען. אָבער אַף דעם געביט פון דער דערשײנונג, מיט וועלכער מיר באַשעפטיקען זיך אַף דעם צירט, אונטערשײט זיך די ווענגע-ראָ̂ווער מונדאַרט פון דער סאָקעלאָ̂ווער.

מיר האָבען אין ווענגעראָווע אַקעגען דעם ליטעראַרישען ווי:

**א.** — אָ̂ו (דער אָ̂—קורץ, אָבער אָפען, מיט אַ נטיה אין דער זײַט פון אַ; דער ו—געשלאָסען און זײער קורץ, שוואַך-הערבאַר); אָ̂אָ̂ (פאַר ל); אָ̂ל (פאַר ק). — [אַקעגען מה״ד û].

אַזוי: באָ̂ואַך [3]), טאָ̂וב, טאָ̂ועז [4]), יאָ̂ואַך, אָ̂ועז, טאָ̂וזנט, אָ̂ועט [4]), שראָ̂וף, מאָ̂ועז, קראָ̂ועט, פּאָ̂ואַ, מאָ̂וא, זאָ̂ואַ, גידאָ̂ווערן, באָ̂ועען, טראָ̂ווערן, טראָ̂ועען, באַדאָ̂ווערן, אָ̂וס (אַדוועַרב. אָ̂ועס), אַראָ̂וס (אַדוועַרב. אַראָ̂ועס); — מאָ̂אָ̂ל, קאָ̂אָ̂ל, פּאָ̂אָ̂ל, פּאָ̂אָ̂לן [5]); — פּאָ̂לק, פּאָ̂לקן [6]).

---

[1]) „דער אורקוועלל״ I 190. — [2]) „אם אורקוועלל״ VI 97. — [3]) דעם אַ רופּט-אַרוים די כ. — [4]) דעם ע רופען-אַרוים די ז, ט, ס (אין אָ̂ועס וכ׳). — [5]) ווירקונג פון דער גרונטפּוילישער מונדאַרט (דער וואַרשעווער). — [6]) ווירקונג פון דער סטאַווּיסקער מונדאַרט (זײַ ווײַטער). — ליט.: פּויק, פּויקן. — [איך פולק, די פולקסט, ער פולקט א. א. וו.].

אָנמערקונג XXII. — אַנדערע ווענגראָווער זאָגען דעם וּ אין אָוּ כמעט נישט אַרויס. דערפאַר קומט דער אָ באַ זיי אויס לענגער. „אינץ רעדן מאַ אַביסל אַף וואַרשיוואַ אַרט“, — האָט מיר דערקלערט איינער פון זיי, — „און יענע[1] רעדן שוין אין ראַסיי אַראַן“. — דער־זעלביקער (אַ עלטערער מענטש, אַ געבוירענער ווענגראָווער) זאָגט אויך: מאָעל, קאָעל, פאָעל. — דער אַ פאַר כ (אין באָואַך וכ׳) איז באַ אים זייער אָפען, שטרעבענדיק צו ע. —

אָנמערקונג XXIII. — בראָוכן — ווערט אין ווענגראָוו נישט באַ־נוצט און איז דאָרט בלויז באַקאַנט, אַלס „וואַרשעווער וואָרט“. — אויסער גידאָוערן עקזיסטירען אין ווענגראָוו די פאָרמען: גידיֹרן און גידיירן. — —

**ב.** — וֹי (oj). — [ווי אין בראָק־סאָקאָלאָוו]. —

בוים, אויק[2]), טויב, רויאַך, לויפן, קויפן, טויגן; — אויאַ, בויט, שטרוי, ברויט, קרוין, רויט, טויט, אויאַך, גרויס, פאַשוין, שטויסן, שוין, אַזוי; — אויוון, אויזן, אויף, אויל[3]), אויבס, בויגן, בוידים, קויל, וויל, טויאַ, פויגל׳, לויבם, ווינען, גיפלויגן, גיצויגן, אויב. —

אָנמערקונג XXIV. — שטויב — איז אין ווענגראָוו אומבאַקאַנט. מ׳זאָגט דאָרט: קאָריזש (פוילישׁ: kurz). — אויך זאָגט מען דאָרט נישט בויערן (ווי ס׳וואָלט דאַרפען זיין נאָך סכעמע), נאָר: באָוערן („אַ באָואַט אַ לאָך“ — ער בויערט אַ לוך). —

אָנמערקונג XXV. — אין ווענגראָוו — אייבאַ[4]) (אין קאָרטען), איי־באַשטיבל, אייבאַשטאַ (זיי אויבען ז׳ 217, אָנמערקונג IV). —

אָנמערקונג XXVI. — אין ווענגראָוו: אָך, אָכיט (אַ קורצער, נאָר בולטער אָ) [אַנאַלאָגיע צום אוסמרער עך]; — אַף (פרעפּוז.), איף (פּורזילביק;

---

[1]) ד. ה. די, וואָס זאָגען דײַטליכער אַרויס דעם וּ. — [2]) אויג. — [3]) הויף, הויל. — דאָס לעצטע וואָרט נור אין אויסדריק: „אַ אוילאַ ייִנג“ (ד. ה. אַ ליידיגייער). —

[4]) אין פוילען איז אײַבאָ (אײַבאַ, אײַבע) — די דאַמע; אינטאָ (אינטאַ, אינטע) — דער קאַוואַלער. — אין ווענגרוֹוו, פאַרקערט: אייבאַ — אַ קאַוואַלער, איינ־טאַ — אַ דאַמע. אַ „צוואַנציק“ צי אַ „פערציק“ (אין „זעקסונזעכציק“ און ענליכע שפּילען) מאַכען דורט, הייסט עס: אַ אייבאַ (ד. ה. אַ יינגעל, אַ וואַלעט) ניט אַ מלך.

אַדוועֶרב.)[1]; — ראָמין[2]; — קאָם; — שאָוב (מעֶרצאָל: שאָובס); — מויד; — בלאָ, גראָ[3]. —

אָנמעֶרקונג XXVII. — אין וועֶנגראָוו מאַכט מעֶן חוזק פון אַ סאָקאָלאָוועֶר: „עֶר האָט גיגעֶסן רייז מיט יויך אין פלייש אויך". — דאָס שפּעֶט מעֶן אָפּ פון דעֶר סאָקאָלאָוועֶר אויסשפּראַך פון די וועֶרטעֶר יויך און אויך. ווי מיר האָבעֶן אויבעֶן (ז' 216) געֶזעֶן, רעֶט מעֶן אין סאָקאָלאָוו דאָס וואָרט אויך אַרויס טאַקי אַזוי, ווי דאָס שטעֶכווערטעֶל פאַרצייכעֶנט, אָבעֶר יויך זאָגט מעֶן דאָרט נישט, מ'זאָגט: יאָוך. — פונוואַנעֶט זשעֶ וואַקסט פאָרט דאָס שטעֶכווערטעֶל? — איז דעֶר ענטפער: אָדעֶר ס'איז אַ מיספאַרשטעֶנדעֶניש; אָדעֶר אין סאָקאָלאָוו עֶקזיסטירעֶן פּאַראַלעֶל צוויי אויסשפּראַכעֶן (אַקעֶגעֶן מה"ד ו) [איין טייל פון דעֶר באַפעֶלקעֶרונג זאָגט יאָוך, און דעֶר אַנדעֶרעֶר — יויך (אַ עֶנליכעֶ דערשיינונג ווייזט אונז סטאַוויסק)]; אָדעֶר, עֶנדליך, אין סאָקאָלאָוו אַט אַמאָל עֶקזיסטירט די אויסשפּראַך וי (בויך, מויל, יויך א. אַ. וו.), וואָס איז אַרויסגעֶשטופּט געֶוואָרעֶן (שוין לגמרי, אָדעֶר נאָך נישט איגגאַנצעֶן) פון דעֶר אויסשפּראַך אָו. די זאַך דאַרף נאָך נאָכגעֶפאָרשט וועֶרעֶן. —

——— אין סטאַוויסקי[4] (לאָמז. ג.) [ליגט אין געֶביט פון ליטווישעֶן דיאַלעֶקט] עֶקזיסטירעֶן (אַ העֶכסט אינטערעֶסאַנטעֶ דערשיינונג!) צוויי מונדאַרטעֶן: בנוגע צו אונזעֶר טעֶמעֶ בילדט איינעֶ אַ גרופּעֶ V אין קרייז פון די ליטווישעֶ מונדאַרטעֶן, — און די צווייטעֶ איז אַנאַלאָגיש, מ'קעֶן זאָגעֶן אידעֶנטיש, מיט דעֶר גרופּעֶ I (זיי פונאַנדערגייעֶן זיך אין דעֶר ליניעֶ אַ, און טרעֶפעֶן זיך אין דעֶר ליניעֶ ב). אַלזאָ, אַקעֶגעֶן דעֶם ליטעֶראַרישעֶן וי, האָט דאָסדאָזיקעֶ שטעֶטעֶל:

**א.** — אָל (ol; דעֶר o — קורץ); אָ (ô) [פאַר ל]; וי (פאַר עֶ) [oj; o — קורץ, j — זייעֶר שוואַך אַנטוויקעֶלט, קוים הערבאַר].

---

[1]) „אַפין טיש... איפייבם... שפרינג־איף"... — [2]) „ראָמין די שטיב... אַנראָמעֶן אַ סוד". — [3]) אַ פּאַסיקעֶל איבעֶרן אות באַטייט, אַז דעֶר וואָקאַל איז לאַנג. — [4]) Стависки, קולנ. א. [אַף ייִדיש: סטאַוויסק (בא די איינוווינער פון שטעֶטעֶל גופא); סטאַווישק (בא די קווגער וכ')].

אַזוי: באָלך [1]), טאָלב [2]), טאָלז [3]), יאָלך, פאָלק [4]), פאָלקן, טאָלונט, אָלט, שראָלף, מאָלז [5]), קראָלט; — פאָיער, מאָיער, זאָיער, גידאָיערן, באָיען, טראָיערן [6]); — מאָל, קאָל, פאָל, פאָלן.

אָנמערקונג XXVIII. — לעבען טאָלז פּאַראַלעלע פאָרם: טויז. — לעבען גערדויערן — גערדערן (נאָר פון דעם, וואָס געברויכט די לעצטע פורם, לאַכט מען). — דער וואָקאַבעל ברויכן איז דאָרט אומבאַקאַנט. — דעם וואָקאַבעל באַדויערן באַנוצען „גאָר די אײדעלע” (לויט'ן אויסדריק פון מיין מיטיילער). — אַ הילצערנער בנין צום וואױנען הייסט אין דעם שטעטעל: שטוב (מ״צ שטיבער). זעלטען (נאָר פון דעם אינטעליגענטערן קלאַס) ווערט געברויכט אויז (וואָרשיינליך, גענומען פון דער ליטעראַטור און דעריבער מיט ליטעראַרישען וי). — שאָלב (מ״צ שאָלבם). —

**א'.** — וי (oj; o — קורץ, j — אַטנוויקעלט).

הייסט עס: בויך, טויב, מויל... און אַ. וו. [7]).

אָנמערקונג XXIX. — שויב. —

אָנמערקונג XXX. — די, וואָס זאָגען: באָלך, יאָלך, — לאַכען פון יענע, וואָס געברויכען: בויך, יויך (בלויז פון טויז לאַכען זיי נישט — אַליין געברויכענדיק, ווי שוין אָנגעוויזען, די פּאַראַלעלע פורם). ה' ב. כ., אַ יונגערמאַן פון 24 יאָר, געבוירען, דערצויגען און וואױנט אין סטאַוויסק, זאָגט: באָלך און אַ. וו., דערקלערט מיר: „בויך, מויל, טויב און אַ. וו. רעדען די פּראָסטערע און די עלטערע (סטאַוויסקער געבירטיקע)”. באָלך, שראָלף איז, לויט זיין מיינונג, „אינטעליגענטער, ווי בויך, שרויף”. — —

**ב.** — יי (ej).

ביים, איג, טייב, רייך, שטייב [8]), לייפן, קייפן, טייגן; — אייער, נייט, שטריי, ברייט, קריין, רייט, טייט, אייך, גרייס, פאַרשיין, שטייסן, שיין, אַזיי; — אייוון, אייזן, אייף, אייל, אייבס, בייגן, ביידים, קייל, ווייל [9]), טייער, פייגל, לייבם, וויינען, בייערן, גיפלייגן, גיציייגן, אייב; — אייך, אייס, אַרייס.

---

[1]) מערצאָל: בייכער. — [2]) מצ.: טולבם. — [3]) מצ.: טייז. — [4]) דער פולק; דער קעסלפולק. — [5]) מצ.: מייז. — [6]) פון שווערען צער („...ער טרויערט ניך אַ פוטער”). — [7]) די אייגענע שורה ווערטער, ווי אין **א**. — [8]) געברויכט נאָר פון „די אײדעלע”. — דער המון זאָגט: קורזש. — [9]) דער וואָקאַבל ווערט ווייניק געברויכט.

אָנמערקונג XXXI.—אין ביידע מונדאַרטען: אַף (פרעפ.), אוף (סורז. אדוו.).—ראַמען [1] (אין ביידע טייטשען).—קאַם.—מויד.—בלוי, גרוי.—
——— אין פּאָלאָצק (וויטעבסק. ג.) ווערט גערעט אַ מונד-אַרט, וועלכע קען, וואָס שיך אונזער טעמע, גערעכענט ווערען אַלס VI-טע גרופּע אין קרייז פון די ליטווישע מונדאַרטען. מיר האָבען דאָרט אָקעגען ליטעראַרישען וי:

**א.** — וּו (ou) [פאַר קאָנסאָנאַנטן]; וּ (קירצער u) [פאַר ע]; וי (oj) [פאַר ז, ס, ט].

למשל: בווך, טווב, מול, יווך, פווק, פווקן, סרווף, קוול, פוול [2], פוולן; — פוער, מוער, זשוער, בוען; — טויזש, טויזשנט, הויט, מויזש, קרויט, אויס, אַרויס.

אָנמערקונג XXXII. — וועגען דעם ou: ס׳איז אייגענטליך אַ קורצער וּ, פאַר וועלכען עס הערט זיך ווי אַנ׳אָ-פאָרקלאַנג; אָדער, אַנדערש פאָרמולירט: ס׳איז אַ זייער פאַרשלאָסענער אָ, וואָס איז פאַרטונקעלט געוואָרען ביז וּ, פאַר וועלכען עס שפירט זיך, אַלס „סימן הגזע”, אַ שוואַכער אָ-פאָרקלאַנג. —

אָנמערקונג XXXIII. — די וואָקאַבלען: ברויכן, גידויערן, טרויעריק, באַדויערן — זענען אין פּאָלאָצק באַקאַנט פון צייטונגען, אָבער אין דער פאָלקסשפּראַך זענען זיי נישטאָ. אָנשטאָט גערויערן זאָגט מען: געוועֶרן. — אויך הויז איז דאָרט אומבאַקאַנט; מ׳זאָגט: אַ הילצערנע שטוב. —

**ב.** — יי (ej).

ביים, אייג, טייב, רייך, שטייב, לייפן, קייפן, טייגן; — אייער, נייט, שטריי, ברייט, קריין, רייט, טייט, הייך, גרייס, פאַרשיין, שטייסן, שיין, אַזיי; — אייוון, הייזן, הייף, הייל, אייבס, בייגן, קייל, ווייל, טייער, פייגל, לייבם, וויינען, בייערן, גיפלייגן, גיצייגן, אייב, אייך.

אָנמערקונג XXXIV. — אָנשטאָט בוידים געברויכט מען אין פּאָלאָצק: באַרג (אַף פוילִיש אויך אַזוי: gòra). — אין דווינסק (וויטעבסק. ג.): בוידים [3].

---

[1] „אופראַמען די שטוב”. „איינראַמען א סוד”. — [2] „פוולער, פוילערקע”. —
[3] אין פּולוצק: האַליאַק; דער בריק; דער באַלקען; — אין דווינסק: לאַק (האַרקאַווי 185: ליאַק); פאָדלאָגע (טרופּ אַף מיטעלסטער זילב, ווי אין פּוילישען); סופּיט (טרופּ אַף סוף-זילב).

אָנמערקונג XXXV. — אין פּאָלאָ̂צק: אַף (פּרעס.), אוף (uff) [פּורז., אַדוו.]; — קאַם; — סווב; — מאַד (אַלס זידעלוואָרט: „אַ פוּלע מאַד"). — ראַמען — אומבאַקאַנט (מ'זאָגט דורט: „צוקלייבם די שטוב"). — אין דווינסק: „אופראַמען די שטוב". —

[דורכגעלוזטע שורות]. — צום וואָקאַבעל אויך:

אַנאַלאָגיע צום אָ̂ךְ [1] פון די [?]ילישע מונדאַרטען געפונען מיר אין דעם ook [2] פון דער היינטיקער דייטשישער מונדאַרט אין ברעמען [3], — און אין דעם ôk [4] פון דער דייטשישער מונדאַרט אין גראַפשאַפט רופּין. — אַנאַלאָגיע צום וועגראָ̂ווער אָ̂ד [5] זייען מיר אין דעם och [6] פון דער אַלטענראַטער [7] דייטשישער מונדאַרט; אויך אין ברעמען עקזיסטירט די פאָרם ok [8] (לעבען ook). —

צום וואָקאַבעל אויף: —

ליפשיץ 25, 31, ברייננגט: אָ̂יף [אָפּשיקענדיק צו אָ̂ף [9]], וואָס איז באַ אים דער עיקר]; — הורוויץ (יועלבער הוט, אגב אָנגעוויזען, גאָר קיין חוש בישט אין פילולוגישע ענינים) 18: אויף [דאָס אייגענע דרייזין 284, 457]; — האַרקאַווי 29, 73: אויף און אַף [ביסקאָ 33, 73 חורט-איבער נוך האַרקאַווין]. —

פּאַראַלעל צום אָ̂ף מיט'ן קורצען אָ̂ (אויבען ז' 225) האָבען מיר אין דעם אַדוועראַביאַלען op פון איינציקע היינטיקע דייטשישע מונדאַרטען.

אַקעגען דעם ליטווישען אוף (דער ו—קורץ) לאָזט זיך פאַרצייכענען דער uff [10] פון דער מיטעלשלעזישער [11] און פון דער ליפּרעכטעראָ̂דער [12] (גראַפשאַפט הוהנשטיין) דייטשישע מונדאַרטען. —

[1] אויבען ז' 214. — [2] „אַם אור-קיועל" VI 116. — [3] ליגט אין געביט פון נידערזעקסישען דיאַלעקט. — [4] l. c 90. — [5] אויבען ז' 235. — [6] l. c. V 17 — 18. — [7] אַ דורף אין זינגקרייז. — [8] l. c. 65. — [9] פּרעס., פּורז. און אַדוו. — [10] פּרעס., אַדוו. — [11] „אַם אור-קוועלל" III 21. — [12] „דער אורקוועלל" I 113.

טאַבעלע I ¹).

| o ,ô | ou | (ûw) û | מיטעלהויכדייטש |
|---|---|---|---|
| וֹי | | אָ̂אָ̂ [אָ̂ו, אָ̂ו, אָ̂ע] | פוילישע מונדאַרטען |
| | | | דרום-רוסלענדישע : |
| וֹ | | אָ̂ו ; אָ̂אָ̂ ²) ; אָ̂ל ³) | Ia (וועגנרוווער) |
| „ | | אָ̂ו | I (ברוק-סוקולוווער) |
| „ | | אָ̂ו (אָ̂וו) | II (קרעמ.-בערדיטש.) |
| ײ (עֶוו) | | וֹי (אָ̂וו) | III („אוסטרער") |
| וֹי (?) אָדער ײ (?) | | ו | IV |
| | | | ליטווישע : |
| ײ | | וֹי (אָ̂וו) | I (פינקער) |
| ע̄ (עֶוו) | | וֹי | II (הומלער) |
| ײ | | ווי (וֹ) | III (שקלווער) |
| „ | | אָ̂ו | IV (קאַידאַנער) |
| „ | | אָ̂ל ; אָ̂ ²) ; (וֹי) | V (סטאַוויסקער) א.) |
| | | וֹי | ב) |
| „ | | וו (וֹ) ; וֹי | VI (פולוצקער) |
| וֹי | | אָ̂ו | גאַליציע I |
| „ | | צֵו ⁴) | גאַליציע II און בוקאָ̂ווינע |
| וֹי | ע̄ | צֵו | ביימען, מערען, אונגאַרן, סלאָ̂וואַקיי. |

**אָנמערקונגען :** ¹) אין צוויי האַלבע לבנות — די פורמען פאַר וויקאַל ; אין עקיקע קלאַמערן — די פאַראַלעלישע פורמען. — ²) פאַר ל. — ³) פאַר ק. — ⁴) זול דער צֵ דאָ אויסדריקן אַ ווייער אופענעם אָ̂ ? —

טאַבעלע II.

| מיטעלהויכדייטשיש | אין די יידישע מונדאַרטען |
|---|---|
| û | אָאָ, אָו, אָו, אָע, וו, אָוו, אָל, אָ, וי, וי, ו, וו. |
| ou | וי, — יי, אַ. |
| ô, o | וי, יי, עוו [1]. — |

## צווייטער נאָטיץ.

דער ע פון דער יידישער שריפטשפראַך, אין הויכבאַטאָנטער זילבע, האָט אַקעגען זיך אין אונזערע מונדאַרטען: קורצען און לאַנגען ע, און אַנדערע וואָקאַלען, ווי מיר וועלען עס דאָ ווייטער זעהן.

---

די ליטווישע מונדאַרטען]. — די האָמלער ווייזט [נאָך גערזון J. c. 21—25]: 1) קורצען ע, 2) לאַנגען ע („וואָס ווערט אַמאָל אויסגעשפּראָכען מיט אַ לייכטען י-נאָכקלאַנג, און ווערט דעריבער דורך אַנדערע טראַנסקריבירט אויך êj, ei").

I. — קורץ איז דער ע אין די ווערטער: — ערד, שטערן [2], געלט, ווערט [3], געל, געבען, פלעדערוויש, רעגען, פרעגען, פלע-גען, געלעגער, צען [4], נעמען [5]; — פערד, מעש, לעפעל, צוועלף, גע-וועלב, שווערן, שעפען, שעמען, רעם; — עלטער (קומפּאַראַט. פון אַלט), ערגער, גערטעל (דעמינוט. פון גאָרטען), שטעטעל (דעמינוט. פון שטאָט), גלעזערן (אַדיעקט. צו גלאָז); — קערנער (מערצאָל צו קערן), קעפּעל (דע-מינוט. צו קאָפּ), רעקל (צו ראָק), קנעפּל (צו קנאָפּ); — שפּעט, קלע-רען, קעז, שווער, נעענטער (קומפּאַר. צו נאָנט), יעריק, שעפּעלע (דע-מינ. פון שאָף), עטעמען (הויפּטוו. אָטעם), איינשלעפן; — הערן, רער, גרעסער [קומפּאַר. צו גרעס (מיט לאַנגען ע)—מה"ד grôz [6]], העכער [7]) [קומ-פּאַר. צו הויך (מיט לאַנגען ע)]; — מער (קומפּאַר. צו פיל, אַ סך), ערשט, ערליך, לערער. —

---

[1]) נאָר אין צוויי ווערטער. — [2]) אפ'ן הימעל. — [3]) פרייז. — [4]) צאָלוואָרט: 10. — [5]) брать, brać. — [6]) דער שלוס-ź = ווייכען s. — [7]) אויך אין: שענער, שענסטער, גרעסטער, העכסטער.

אַקעגען די מה"ד: — א) קורצע: ë, e, e[1]) (=ä), ö[2]); — ב) לאַנגע: ae[3]), oe[4]), ê. —

ווי: ërde, stërne (לעבען stërn), gëlt, wërt, gël[5]), gëben, vlëder-wisch, rëgen, vrëgen, phlëgen, ge-lëger, zëhen, nëmen[6]); — phert, messe (לעבען mess), leffel, zwelf, ge-welbe, swern, schepfen[7]), schemen, reme (לעבען rem)[8]); — elter (קאָמפּאַראַט. צו alt), ere-lich (צו are), gertelîn[9]) (דעמינוט. צו garte); — stetel (דעמינ. פון stat), gleserîn[10]) (אַדיעקט. צו glas); — körner (מערצאָל צו korn), köpfel (דעמינ. צו kopf), röckel (דעמינ. צו roe), knöpfel[11]) (דעמינ. צו knopf)[12]).

און: spaete, klaeren, kaese, swaere (לעבען swaer), naehent (לעבען nâhent), jaeric (פון jâr), schaefel (דעמינ. פון schâf), aetemen (לעבען âtemen), slaefen[13]); — hoeren, roere, groeze[14]), hoeher[15]) (קאָמפּאַראַט. צו hôhe); — mêr (קאָמפּאַראַט. צו vil), êrst [סופּערלאַט. צו êr (=ê—פריער, אַמאָל)], êr-lich, lêren-[16]) meister[17]). —

II. — לאַנג איז דער ע אין די ווערטער: — לעדיג; — קעט, לעב[18]), עזעל, על[19]), לעגען, העבען[20]), העווען[21]), דערצעלען; — צענדעל[22]); — עלבערט; — דרעען, נעען, זעען[23]); — שען[24]), בעז[25]),

[1]) אומלויט פון קורצען a. — [2]) אומלויט פון קורצען o. — [3]) אומלויט פון â. — [4]) אומלויט פון ô. — [5]) געשלוסענער ë. — [6]) אופענער ë. — [7]) געשלוסענער e. — [8]) אופענער e (פאַר m). — [9]) e= געשלוסענעם ä. — [10]) אופענער ä (פון געשלוסענעם a!). — [11]) געשלוסענער ö (פון געשלוסענעם o). — [12]) לעקסער 49, 248, 66, 376, 65, 60, 345, 194, 353, 187, 65, 398, 175; — 186, 161, 143, 411, 79, 261, 212, 213, 196; — 42, 49, 71 (60), 248, (245), 82; — 130, 200, 128. — [13]) אופענער ae. — [14]) z דאָ=ווייכער s. — [15]) אופענער oe. — [16]) געשלוסענער און אופענער ê (פאַר r!). — [17]) לעקסער 239, 125, 120, 259, 172, 116, 209, 9, 231; — 105, 201, 85, 104; — 160, 54, 52, 145. — [18]) קעניג פון די חיות. — [19]) מאָז. — [20]) „העבען דעם טיש“, למשל. — [21]) дрожжи. — [22]) דעמינוט. צו צאָן. — [23]) ליט. אויסגעלייגט: דרעהען, נעהען, זעהען. — [24]) היבש. — [25]) צורניק.

דערלעזען[1], רעטליך[2], פרעליך; — עביג, עדער, וועטאג, גען, שטען, שנע[3].

אַקצענטן די מה"ד: — א) קורצע: ë, e, e (=ä), ö; — ב) לאנגע: ae, oe, ê.

ווי: lëdec[4] (לעבּען lëdic, lidic); — ketene (לעבּען keten), lebe, esel, ele (אויך elle), legen, heben, hebe[5] (און hefe, heve), er-zeln[6] (אויך er-zellen); — zendelîn[7] (און zenlîn, zendel — רעמיניסצ. צו zant); — öl-ber[8] [9].

און: draejen (אויך draegen, drachen, draen), naejen (און naen, naegen, naewen, neigen, neien), saejen[10] (לעבּען saen, saehen, saewen); — schoene (און schoen), boese (לע־בּען bôse), loesen, roetec (אדיעקט.), vroe-lich[11]; — êwic, ê (êr), wêtac, gên (לעבּען gân), stên (לעבּען stân), snê[12] [13]. —

אַנמערקונג I. — רעדען (מה"ד reden); אָבער: „איך רעד, דו רעדסט, ער רעט" (קורצער ע, ווייל אין געשלאָסענער זילבע!).

רעזיומע. — „פאַר די דייטשישע מונדאַרטען, אויסער די הויכאַלעמאַנישע, ווי אויך פאַר דער נייהויכדייטשישער שריפטשפראַך, גילט דער כלל, אַז קורצער וואָקאַל אין אָפענער[14] זילב ווערט אויסגעצויגען. מה"ד sage, lebe, lige, bote, stube = נה"ד sâge, lêbe, liege, Bôte, Stûbe. דאָס הויכאַלעמאַני־שע האָט דעם קורצען וואָקאַל פון דער אָפענער זילב לויטגעזעצליך איינגעהאַלטען"[15].

---

[1] באפרייען. — [2] רויטליך. — [3] פרעהליך... עהדער, וועהטאג, געהן, שטעהן, שנעע. — [4] אופענער ë. — [5] אופענער e. — [6] געשלאסענער e (הגם מ'קען אים, צוליב דעם זילבענבילדענדיקען ג·לויט צום שלום, אויך באטראכטען אלס אופענעם). [7] געשלאסענער ä. — [8] געשלאסענער ö. — [9] לעקסער 143; — 122, 142, 57, 42, 143, 92, 57; —399; — 181. — [10] אופענער ae. — [11] אופענער oe. — [12] אופע־נער און געשלאסענער ê. — [13] לעקסער 36, 174, 206; —217, 27, 150, 201, 355; — 58, 48, 377, 68 (59), 247 (244), 236. — [14] די רייד איז דא פון הויכבאטונטער.

[15] „Geschichte der deutschen Sprache". — Von Otto Behaghel. Dritte Auflage. Strassburg. 1911. — S. 122 —

דאָס ליטווישע ייִדיש, ווי מיר האָבען געקענט זיין אפילו פון די איבערגעבראַכטע קאַרגע ביישפּילען, שטייט אין דער הינזיכט, אַזוי־צו־זאָגען, עפּעס ווי צווישען דעם הויכאַלעמאַנישען און די אַי־בעריקע דייטשישע מונדאַרטען. פון איין זייט, גייט עס נאָך נאָכ׳ן כלל: ווייזט אין אָפענער זילב לאַנגען ע [אַקעגען מה״ד קורצע ë[1] און e[2]]. פון דער אַנדערער זייט, גייט עס נישט אויס דעם וועג ביז צום סוף, באַגנוגט זיך מיט אַ קליינעם קרייז וואָקאַבלען, איבערלאָזענדיק אין אַ באַטייטעוודיק גרעסערן קרייז קורצען ע אין אָפענער זילב [באַזונדערס פיל אַקעגען מה״ד ë; אַקעגען e (דאַכט זיך, באַזונדערס פאַר m); אַקעגען e (פון געשלאָסענעם a)]. נאָך מער: זאָגאַר אַקעגען מה״ד לאַנגע וואָקאַלען אין אָפענער זילב [ael; oe; ê (פאַר r, אין אָפענער, ווי אין געשלאָסענער זילב)] ווייזט ליטוויש קורצען ע אין אָפענער זילב.

——— אין פּינסק (מינסק. ג.), אין וויטעבסק, אין פּאָלאָצק (וויטעבסק. ג.), אין סקידל (גראָדנ. ג.), אין סטאַוויסק (לומז. ג.) — ווי אין האָמעל:

I. — קורצער ע [אין דעם אייגענעם קרייז, ווי אין דער הומלער מונדאַרט].

אַנמערקונג II. — אין סטאַוויסק: פלעדערויש, צוועליף, ראַם (נישט רעם), גערטנדל, יאָרעדיק (נישט יעריק), איינשלעפערן; — קראָם (נישט געוועלב), שעפּס (נישט שאָף). — אין וויטעבסק: צעהען (10) [דער ה הערט זיך דייטליך]. —

II. — לאַנגער ע [אָבער דיפטאָנגירט און אַנטוויקעלטען עי ($\hat{e}_1$)] (אין דעם אייגענעם קרייז, ווי אין הומעל).

הייסט עס: ליידיק; — קייט, לייב, אייזל, איל, לייגן, הייבם, הייוון[3], דערציילן; — ציינדל; — איילבערט; — דריין, ניין, זיין; — שיין, בייז, דערלייזן, רייטלעך, פריילעך[4]; — אייביק, איידער, וויטאָג, גיין, שטיין, שניי. —

אַנמערקונג III. — אין סטאַוויסק: רעדן (נישט רײדן!). —

---

[1]) ווייער ווייניק ביישפּילען. — [2]) אַם־מערסטען ביישפּילען. — [3]) אין סטאַוויסק: אייבם, אייוון. — [4]) אין פּינסק, אין סטאַוויסק: ריטלעך, פרילעך.

[די פוילישע מונדארטען]. — פאר זיי גילט, אים אלגעמיין, דער איינגענער כלל, וואס פאר די דייטשישע מונדארטען (אויסער די הויכאלעמאנישע) און פאר דער נייהויכדייטשישער שריפטשפראך, — מיט איניקע וויכטיקע אויסנאמען, וואס האבען מערסטענטיילס טיפע היסטארישע ווארצלען.

I. — ע אין געשלאסענער זילבע — קורץ.

בײשפּילען: געלט, פעלד (vëlt), שנעל (snël), געצעלט (ge-zëlt), פעל (vël), העל (hël), פעך (pëch), וועלט (wëlt), שעלטן (schëlten) [1]; — מעש, געוועלב, בעט (bet, bette), העמד (hemde) [2]; — קעלט (kelte, kalte), עלטא̂ [3] (עלטא, עלטע), קרעל (koral), ווענט (מ"צ צו want), הענט (מ"צ צו hant), קעלבו [4], קעלבא̂ [5] (קעלבא, קעלבע) (kelbel, kelbelîn) [מ"צ צו kalp] [6].

II. — אין אפענער זילבע — עי (êj), אי (âj) [אלזו: דער ע אויסגע-צויגען און דיפטאנגירט]:

א) עי — אין דעם קרייז, וואו אין ליטע קורצער ע (אויסגע-שלאסען אויס אים דעם קלענערן קרייז, אין וועלכען אויך אין פוי-לען קורצער ע). —

אזוי: שטעירן, פלעידא̂וויש [3], רעיגן, פרעיגן, פלעיגן, גי-לעיגא̂ [3], צעינע [7], לעידא̂ [3] (lëder), לעיבם (lëben), פעירו [4] (përle, bërle), בעיזים (bësem), בעיטן (bëten) [1]; — שוועירן, שעימע(·י) [8], יעידא̂ [3] (ieder) [2]; — שטעיטו [4], גל'עיזא̂ [3], גל'עיזא̂רן [5]; — יעיריק, קלעירן, שעיפאלי, אנשלעיפן [9]; — לעירא̂ [3], העירן [10]. —

ב) אי — כמעט אויסשליסליך אין דעם קרייז, ווו אין ליטע ע̄ (אדער עי). —

ליידיק [1]; — אייזו [4], לייגן, הייבם, הייוון, פאציילן [2]; — דרייין, ביין, זיין [9]; — דאליין, פריילא̂ך (·לאך, ·לעך) [10]; — אייביק, איידא̂ [3], וויייטיק, שניי [11]. —

---

[1]) אקעגען מה"ד ë. — [2]) אקעגען מה"ד e. — [3]) א̂ — ווארשעווער פורם, א-ליובלינער, ע-לוויטשער [=ליטעראַרישען ער]. — [4]) ווארשעווער ו אנשטאט ל. — [5]) אקעגען מה"ד e=ä. — [6]) אין קלאמערן לעבען די וואקאבלען — די מיטעלהויכדייטשישע פורם. — די מה"ד ווערטער — לעקסער ז"ז 314, 236, 80, 314, 95, 11, 373, 213, 21, 96, 121, 130, 368, 90, 121, 118. — [7]) צייל-ווארט: 10. (אין ליובלין: צ יי ן). — [8]) שעימען. — [9]) מה"ד ae. — [10]) מה"ד oe. — די: מה"ד ווערטער אוים לעקסער ז"ז 143, 142, 17, 19, 21, 111. — [11]) מה"ד ê.

**אויסנאַמען. — A: אין געשלאָסענער זילב — עי (אמאָל ע̄) אָדער אַי:**

1) פאַר ר [1] (אין קונסונאַנטישער פונקציע). דער ר קען זיין אַליין אָדער מיט אַ צאָן-פאַרשלוסלויט (ד, ט), צי מיט ל (אַלס קונסונאַנט, אַלזאָ נישט אין איינזילביקע ווערטער). דער ר פאַרשווינט דערביי: a) אין איינזילביקע ווערטער אָדער אין הויכבאַטאָנטער זילב סוף-וואָרט ווערט דער ר וואָקאַליזירט, און אין דער זילב שטעלט זיך אָפּ — עיאָ (וואַרשע), עיאַ (ליובלין), עיע (לוויוויטש); b) אין דער ערשטער זילב פון צווייזילביקע ווערטער אָדער אין אַ וואָסער ניט איז, אַבי ניט לעצטער, זילב פון מערזילביקע פאַלט דער ר גלאַט אַדויס, און אין דער זילב שטעלט זיך אָפּ אַ לאַנגער ע, וואָס ווערט אויסגעשפּראָכן כמעט פאַרטאָפּעלט.

למשל: בעיאָ (בעיא, בעיע), טרעיאָ (טרעיא, טרעיע), מעיאָ (מעיא, מעיע), רעיאָ (רעיא, רעיע), שעיאָ (שעיא, שעיע), שוועיאָ (שוועיא, שוועיע), עיאָ (עיא, עיע), דעיאָ (דעיא, דעיע), וועיאָ (וועיא, וועיע); — פעיאָט (פעיאַט, פעיעט), עיאָט (עיאַט, עיעט), וועיאָט (וועיאַט, וועיעט), שוועיאָט (שוועיאַט, שוועיעט) שטעיאָט (שטעיאַט, שטעיעט), קעיאָט (קעיאַט, קעיעט), פאַקעיאָט (פאַקעיאַט, פאַקעיעט) [2]; —

און: געעטו (געעטל), געעטאַלי [3], געעטנאָ [4] (געעטנא, געעטנע), בעעדו (בעעדל), בעעדאַלי [5], קעעטו (קעעטל), קעעטאַלי [6], פעעדו (פעעדל), פעעדאַלי [7], שוועעדו (שוועערל), שוועעדאַלי [8]; — עעלאָך

---

[1]) פונקט פאַרקערט, ווי מיר האָבן געזען, ווירקט דער ר אין ליטוויש ען יידיש: דורט פאַרקירצט ער וואָגאַר דעם מה״ד ê אין אופענער זילב! —
[2]) בער (חיה; אייגען-נאָמען); טרער; מער (морковь; קומפּאַר. צו פיל); רער; שער; שווער (הויפּטוואָרט; אַדיעקט.; אימפּעראַט. פון צ״וו); ער (онъ); דער (אַרטיקעל; פּראָוואָרט); ווער (פּראָנומען; אימפּעראַט. צו זיין); — פערד; ערד; ווערט (ה״וו; צ״וו); שווערד (мечъ) און שווערט (3 פּערזון פּרעז. אינדיק. פון שווערן); שטערט (פון צ״וו שטערן); קערט (3 פּ׳ פּרעז. צו קערן); פאַרקערט. — [3]) דעמינ. צו גאָטן. — ד — אין וואַרשע, ל — אין ליובלין. — [4]) געטנער. — [5]) דעמינ. צו באָט, באָעט (=פּאָרד). — [6]) דעמינ. צו קאָט, קאָעט (=קאָרט). — [7]) דעמינ. צו פערד. (אייגענטליך, איז אין פּוילען פאַרשפּרייטער, אַלס דעמינוטיוו צו פערד, דאָס וואָרט קאָשקאַלי). — [8]) דעמינ. צו שווערד.

(עֶלאַך, עֶלעך), **שוועֶלאָך** (שוועֶלאַך, שוועֶלעך) [1]

אפילו: **עֶיאָשט** [2] (עֶיאַשט, עֶיעֶשט); — **געֶעֶשטן** [3], **בעֶעֶשטו** [4] (בעֶעֶשטל), **בעֶעֶשטאַלי**. — [ד. ה. **זאָגאַר וועֶן צווישען ר און ט — אַ מחיצה** (דאָ—דער ציִשלויט שׁ)!].

אָנמערקונג IV. — פאַר דער ענדונג **ליך** (**לאָך, לאַך, לעך**) הובען מיר, אייגענטליך, נישט קיין ריינעם **עֶע**, נאָר גיכער — **עֶר** (דעם ר קוים-קוים צו הערען; ער איז דאָ אַזויצוזאָגען ווי אַ סונאַנטישער שאָטען). אין אַנדערע פּאַלען ווערט דער **עֶע** אויסגעשפּרוכען, אַמאָל — אַלס **עֶ**; אַמאָל — אַלס **עֶי** (ej, דעם j קוים-קוים צו הערען, — דערביי, אַף וויפיל עס לוזט זיך קונסטאַטירען זיין עקזיסטענץ לעבען דעם **עֶ**, איז ער גיכער סונאַנטיש, ווי קונסונאַנטיש); אַמאָל — אַלס **עֶו**, **עֶאַ**, **עֶעֶ**. —

אָנמערקונג V. — **עֶירנסט** [מחמת דער נ איז דאָ זילבענבילדענדיקער לויט]. — —

**ענליך אין דער דייטשישער שפּראַך: „דער כלל וועגען פאַרבלייבען פון קורצען וואָקאַל אין געשלאָסענער זילב איז נישט גילטיק, ווען דער קאָנסאָנאַנט, וואָס נאָך דעם וואָקאַל, איז ר. פאַר r וואָרט-אויס ווערט אין נייהויכדייטש דער וואָקאַל שטענדיק אויסגעצויגען**: gewahr, wêr, ihr, empôr [5]) ...

**„וואַקלונגען צווישען אַלטער קורצקייט און נייער לענג,..., קומען-פאַר אין נייהויכדייטש** — און ביז יעצט איז די דערשיינונג נוך נישט דערקלערט געוואָרען ווי ס'דאַרף צו זיין — **פאַר דער פאַרבינדונג פון ר מיט דענטאַל**: Fart לעבען Fârt, Schwert לעבען Schwêrt" [6]) ...

═══ 2) **פאַר נג, נק**.

**אזוי: עֶינג** [7]), **עֶינגאָ** (אַ., עֶ.) [8]), **גיעֶינגט** [9]), **געֶינג** [10]), **לעֶינג, לעֶינגס׳** [11]), **לעֶינגאָ** (אַ., עֶ.) [12]), **לעֶינגסטאָ** (אַ., עֶ.) [13]), **העֶינגעֶ׳** (העֶינגי׳) [14]),

---

[1]) ערליך, שוערליך. — [2]) ערשט. — [3]) גערשטען. — [4]) בערשטל. — [5]) בעהאגהעל l. c. 133. — [6]) l. c. 123—124. — [7]) מה״ד enge (לעקסער 43). — [8]) קומפּאַר. צו ענג. — [9]) פּאַרטיציפּ. — [10]) מ״צ צו גאַנג (מה״ד ganc — 59). — [11]) פּויליש-יידישער אדווערב מיט דער טייטש: אַמאָל. — [12]) קומפּאַר. צו לאַנג. — [13]) סופּערלאַט. — [14]) אינפיניטיוו. (hengen, 97).

העיגגאַ (·א, ·ע)[1], העינגל'[2], ברעינגע'[3], ŋŋסברעינגאַ (·א, ·ע), שטעינגל'[4], עינגל'אַנד[5], סטעינגי[6], עינק, עינקŋ (·א, ·ע), בעינק[7], בעינקל'[8], שעינק[9], שעינקל'[10], שעינקŋ (·א, ·ע), שעינקע' (שעינקי'), גידעינקע' (גידעינקי'), קרעינק, קרעינקינג, קרעינקע' (קרעינקי'), שווּעינקע' (שוועינקי'), לעינקע' (לעינקי'), בעינקע (בעינקי'), בעינקשאַפט, טרעינקע' (טרעינקי')[11], קוועינקל'ין. —

3) פאַר דער פאַרבינדונג פון נ מיט ד אָדער ט.

א) ווען דער דענטאַלע באַלאַנגט נישט צום לויטבאַשטאַנד פון שטאַמוואָרט און קומט-צו בלויז אַלס סופיקס אין אַרויסגע-פירטע ווערטער אָדער אַלס חלק פון אַ צווייטען צוגעזעצטען וואָרט [אַ תנאַי דערצו: נאָך דעם וואָקאַל פון דער הויכבאַטאָנטער זילב אין דעם אַנטשפּרעכענדיקען מיטעלהויכדייטשישען שטאַמוואָרט זאָל נישט גיין קיין טאָפּעלטער קאָנסאָנאַנט]; ב) ווען פאַר דער פאַר-בינדונג איז אין מה"ד געווען אַ לאַנגער וואָקאַל.

אַלזו: א) פּיינדו[12] (פּיינדל), הײנדו (הײנדל), שפּײנדו, צײנדו און צײַנדו[13] (אין ליובלין איין פורם: צײַנדל) — אַלס דעמינו-טיוו. צו פּאָע (פּאָע, פּאָען, פּאָין), האָע (האָע, האָען, האָין), שפּאָע (שפּאָע, שפּאָען, שפּאָין), צאָע (צאָע, צאָען, צאָין), — אַקעגען מה"ד venel (לעבען

---

[1]) אַף וואָס מ'הענגט-אויף. — [2]) צווייג (טרויבען, למשל) — hengel, 79. — [3]) bringen, brëngen, brengen, 29. — [4]) stengel, 247. — [5]) אין פאָלקסלידער: עינגל'אַנד (engel - lant, 43). — [6]) פּויליש: wstęga. — [7]) מ"צ צו באַנק (banc, 10). — [8]) דעמינוט. — אין ווילן: בעינקל' — אַ שטול (Стулъ). — [9]) אַ געשעפט, וווּ מ'פאַרקויפט בראָמפן (אַ ביר; שעינק — וווּ מ'פאַרקויפט ביר) (schenke, schenk, 213); מ"צ פון שאַנק (אַלמער, שאַפע) (schanke, schranke, 210, 219). — [10]) דעמינ. אין ביידע טייטשען. — [11]) schenken, ge-denken, krenke, krenken, swen-ken, lenken, benge (ה"וו), trenken (לעקסער 213, 62, 133, 261, 145, 16, 271). — [12]) פּיינדל הייסט אויך די פיגור פון דער צווייטער שורה אין שוך (מה"ד vende, vent, vendelîn, vendel, — לעקסער 315). —

[13]) אין וואַרשע אונטערשייט מען: „דאָס קינד האָט אַ צײנדו (אַ צײנדעלע)", אָבער — „אַ צײַנדו קנובל" (קנובל).

venelîn), henel, spaenel (spaenelîn), zenlîn (אויך zendel) —
צו van (vane, von), hane (han), spân, zan (אויך zant) [1]) .
אויך: צײַנטאָ (·א, ·ע) [נומ. אורד. צו צ י י נ ע] [מה"ד zëhende,
zëhente, zênde] [2]) .
און; — צײַנטו (צײַנטל — צײַנט · חלק) [מה"ד zëhen-teil, ייד"ד
zehntel] [5]) .
אובער: קענדו (קענדל), פענדו (פענדל) — דעמינוט. צו קאַן, פאַן
[מתמת מה"ד kanne (kannel, kandel) (דעמינ. kennelîn, kende-
lîn), wanne] [3])
ב) קרײַנדו (קרײַנדל) [דעמינוט. צו קרוין] (מה"ד kroenlîn,
krône), צו דעמינוט. נײַנטאָ (·א, ·ע). (קומפאר. צו נאָנט, מה"ד nâ-
hent, naehent, nâhet) [4]) .

אַנמערקונג VI. — קרײַנדו קען, אײַגענטליך, פאַרגלײַכט ווערען אויך צו
דער שורה א. — צו דער שורה ב, ווידער, — שפּײַנדו און צײַנטאָ (·א, ·ע).

אַנמערקונג VII. — אין איבעריקען זײַען מיר פאַר נד, נט — קורצען
ע: — בענדאָ (·א, ·ע[5]), בענדו (בענדל[6]), רענדו (רענדל[7]),
הענדלאָ (·א, ·ע[8]), ווענדל[9]), מענדו (מענדל[10]), לענדאָ (·א, ·ע[11]),
לענדן, שטענדיק[12]), הענטו (הענטל[13]), ווענטו (ווענטל[14]), מענטו
(מענטל[15]), קענטיק. — נעמען: מענדו (מענדל), גנענדו (גנענדל),
יענטי.

---

[1]) די מה"ד ווערטער—לעקסער 315, 97, 239, 399,—311, 90, 239, 397.—
[2]) ל. 398.—[3]) 119, 367.—[4]) לעקסער 135, 173. —[5]) מ"צ צו באַנד [איין עקז-
עמפּלאַר פון א בוך; א סטענגע; א קומבינאַציע פון א סטענגע], מה"ד bant (10).—
[6]) דעמינוט. צו באַנד (מה"ד bendelîn, bendel,—16). —[7]) פון ראַנד (מה"ד
rant,—192) ? —[8]) לעקסער 96: hendeler (90 — handeln). —[9]) אילוי-
ווער (גוטמ. א., ווארש. ג.) דעמינוט. צו וואַנט (מה"ד want). —[10]) 15 שטיק
(געווײַנטליך — 15 אײַער). מה"ד mantel, mandel (155). —[11]) מ"צ צו
לאַנד (lant,—140). —[12]) be-standec (20). —[13]) hendelîn (דעמינ. צו
hant — 96) —[14]) ווארש. פורם פון דעמינוט. צו האַנט. —[15]) mantellîn,
mentelîn [דעמינוט. צו mantel, mandel (מאַנטל, מאַנטל)] (לעקסער 155 —
156).

4) ווען אין מה״ד איז די זילב געווען אָפּען [a) מערסטענטיילס אַדאַנק דעם שלוס-e, וואָס פאַלט-אָפּ אין יידישען (ווי אויך אין אייניקע דייטשישע[1] מונדאַרטען): כמעט אין אַלע הויפּטווערטער[2]; באַם צייטוואָרט[3] (1-טע פּערזון, איינצאָל פּרעזענטיס; 2-טע פּ., א״צ אימפּעראַט.); באַם אַדיעקטיוו, א. אַ. וו.; — б) אַדאַנק דעם e (וואָס ווערט אין יידיש, ווי אויך אין נייהויכדייטש, סינקאָפּירט) אין געשלאָסענער ענדזילב אָדער אין נעבענטאָניקער זילב (למשל, באַם צייטוואָרט — אין 2-טער פּ. א״צ און מ״צ און 3-טער פּ. א״צ פּרעז.; אין 2-טער פּ. מ״צ אימפּער.; באַם אַדיעקט, באַם הויפּטוואָרט, א. אַ. וו.)].

ווי: a) קעיל (kële), רעים (reme), זעיג[4] (sege, sage), קעיז (kaese), הייל (höle), לייב (lëbe, lëwe), אייל[5] (ele, elle), אייל[6] (öle, ole, oli, olei), קייט (ketene, keten); —[7]
יאַך (אין ליובלין — יעך) לעיב (e-), לעיב! — (e-); — יאַך (יעך) צייל (e-), צייל! (e-);[8] —
שפּעיט (spaete), בייז (boese), שיין (schoene, schoen); —
דעים (deme, dem — דאַט. סינג. פּרונום. דעמונסטר.)[9].

б) די לעיבסט (es-, est-), עטץ לעיבט (et-, ent-), אַ'[10] לעיבט (et-), לעיבט! (et-, ent-); — די ציילסט (es-, est-), ע'[11] ציילט (et, ent), אַ' ציילט (et-), ציילט (et-, ent-)![8] —
שעידלאַך (-לאַך, -לעך) [מה״ד schede-lich[12])]. —

[1]) זיי ווערן דעם בעהאַגהעל l. c. ז״ז 169—170. — e איז אָפּגעפאַלען (נאָך הויכטון): אין נידערדייטשישען דיאַלעקט (לעבען נאָרדזיי-ברעג און אין אַלטמאַרק), אין מעקלענבורג און פּאָמערן, אין צפון-בראַנדענבורג; אין פרענקישען, אין דרום-טירינגען, אין אַלעמאַנישען און באַירישען און אַז. וו. — [2]) גערזון 28, 44. — [3]) l. c. 28, 36. — [4]) לעקסער 223. — [5]) מאָס (локоть). — [6]) לאַטייניש oleum. — [7]) אין מה״ד גופא שוין פּאַראַלעלע פורמען: kël; rem; höl (לעקסער 104) öl, ol (זיי אויך: בעהאַגהעל § 200). — [8]) אודער אפשר הובען מיר דאָ אויסגלייכונג לויט אַנאַלוגיע (נאָך לעיבם, ציילן) [זיי ווייטער פּונקט 6 (ז' 251)]. — [9]) פּראָפ. ד״ר וו. גולטהער, „דער ניבעלונגע נוט"... ז' 16. — [10]) ער. — [11]) עטץ (=איר). — [12]) לעקסער 212 (נה״ד schädilch)

וועיג [נאָך גענִיטיוו וועיגס[1])], שטעיג [נאָך גענ׳. שטעיגס[2])].

5) ווען אין מה"ד איז אין דער זילב געווען אַ לאַנגער וואָקאַל (על פי רוב ae, oe, ê).

ביישפּילען: שיין (אקעגען schoen); — געין[3]) [מה"ד gên — gēben[4])]; — גיין, שטיין [gên (און gân), stên (און stân)] (זע: אויבען ז' 243). —

אנמערקונג VIII. — גיין, שטיין קענען, אפשר, באטראכט ווערען אויך אקעגען גייִן, שטייִן (נה"ד gehen, stehen)? —

6) לויט אַנאַלאָגיע קומט־פאַר אויסגלייכונג צווישען פאַרשידענע פאָרמען פון איין פּאַראַדיגמע אָדער צווישען ווערטער מיט שותּפותדיקער שטאַמזילב.

אזוי: געיל — נאָך געילע (י׳), געילאָ (א׳, ע׳); געילבלאָך (לאָך, לער) — נאָך געיל; בעיטלין, בעיטלאָ (א׳, ע׳), בעיטלאָרין — נאָך בעיטן אודער נאָך בעיטל[5]) — .[6])

7) גיוועין — פון גיוועיזן[7]). —

8) אין די ווערטער: מעיל (מה"ד mël); געיסט (nëst, nist), מעיסטו[8]) (ל׳) [mëste[9])]. — [פאַרוואָס, קען איך נישט דערקלערען]. —

Б. — אין אָפענער זילב — קורצער ע:

1) פאַר כ,[10]) פ, צ, ק, ש, וואָס אַנטשפּרעכען די מה"ד ch, pf, z (=tz), ck, sch.

---

[1]) wëges (גענ׳. צו wëc, wëg). ל׳ 371. — [2]) stëges (גענ׳. צו stëc, stëg) ל׳ 246. — [3]) ספּעציעל פּוילישע פאָרם (פון דער טייטש dare). אין דרום־רוסלאנד (ליפּשיץ 67): גיבן. — [4]) לעקסער 60. — [5]) הי"ו: בעיטל־ברויט; 2 פ. א"צ אימפּער.: „בעיטל!". — [6]) אויך וועיג, שטעיג (נאָך וועיגס, שטעיגס). — ענליך אין נה"ד: Wêg (אַנשטאַט דעם טעורעטיש ריכטיגען Weg) נאָך Wêges [זע: בעהאגהעל l. c. 122]. — [7]) מה"ד gewesen. — [8]) (גולדהער 22). — [9]) „ואלצמייסטל". — [10]) לעקסער 159, 175, 161. — בלויז אין ליובלין און יענע געגענדען, וו פאַר כ קומט ע. — אין וואַרשע און אנדערע פּוילישע געגענדען (געגליער ווענען דעם אין א באזונדער נאָטיץ) קומט אין באַזונדער זילב פאַר כ — אַ (לאַכו, דאַכו וכ׳).

אזוי: בעכאַ (ע.) [becher]; לעכאַ (ע.) [מ"צ צו לוך (loch)], לעכל [דעמינ. (löchel, löchelîn)]; דעכאַ (ע.) [מ"צ צו דאך (dach)], דעכל (dechel, dechelîn); פעכאַ (ע.) [מ"צ צו פאך [1]) (vach)]; ברעכן (brëchen), שטעכן (stëchen); רעכענע (:.) [rechenen, rechen]; קעכן (köchinne); העכאַ (ע.) [קומפאר. צו הויך], זעכאַ (ע.) (sicher); — [2])

עפּו (ל.) [apfel, epfel]; קעפּו (ל.), קעפּאַלי [köpfel, köpfelîn]; קנעפּו (ל.), קנעפּאַלי [knöpfel]; טעפּו (ל.), טעפּאַלי [דעמינ. צו topf], טעפּאָ (א., ע.) [töpfer]; צעפּו (ל.), צעפּאַלי [דעמינ. צו zpof, zoph]; קרעפּו (ל.) [krepfelîn, krepfel — דעמינ. צו krapfe]; שעפּם (schepfen); [3]) —

טעצו (ל.) [דעמינ. צו טאץ (tatze — אין אנדער באטייטונג)]; קליעצאָ (א., ע.) [מ"צ צו kloz (גענעטיוו klotzes)], קליעצו (ל.) [דעמינ.]; פלעצאָ (א., ע.) [מ"צ צו plaz (-tzes), platz], פלעצו (ל.) [דעמינ.]; קרעצו (ל.) [kretze, kraz (-tzes)]; העצן (hetzen); זעצן (setzen); פעצן [4]) (vetzen); שעצן (schaz, schatz); — [5])

בעקאָ (א., ע.) [becke]; בעקל׳ [דעמינ. צו באק (beckelîn)]; ברעקל׳ (דעמינ. צום שורש ברוק) [brocke]; העקאָ (א., ע.) [hecker]; העקל׳ [דעמינ. צו hacke (heckelîn, heckel)]; בעקן (becke. becken); פלעקן (מ"צ צו פלעק) [vlëc, vlëcke]; פלעקאָ (א., ע.) [מ"צ צו פלוקן (phloc, phlocke)]; פלעקל׳ (דעמינ.); שטעקן (stecke), שטעקל׳ (steckelîn, steckel); קליעקן (klecken); קרעקן (krecken); לעקן (lëcken), לעקאָ (א., ע.) [lëcker]; וועקן (wecken), וועקאָ (א., ע.) [wecker]; שרעקן (schrëcken); [6])

דרעשן (drëschen), העשן (hëschen), לעשן (leschen),

---

[1]) אין פוילישן יידיש: פוליצע (אין א שאנק; דערהויפּט אין א געוועלב). — [2]) לעקסער 11, 149, 33, 310, 28, 246, 193, 129, 227. — [3]) לעקסער 8, 130, 128, 268, 407, 133 (132), 212. — [4]) אין פוילישן יידיש: פעט מאכן, פלעקן, שמוציקן. — [5]) לעקסער 265, 127, 188, 133, 100, 226, 340, 211. — [6]) לעקסער 12, 29, 93, 12, 345, 187, 246, 126, 132, 142, 371, 219.

וועשין (wescherinne), טעשו (ל.) [tesche], פלעשו [1] (ל.) [vle-schelîn, vleschel (דעמינ. צו vlasche, vlesche)].

2) פאַר אַ קאָנסאָנאַנט, וואָס איז אין מה״ד אין דעם אייגענעם וואָרט געווען פאַרטאָפּעלט.

וועטאָ (א., ע.) [wëtter [2]], וועטערן [3]; — שטעלן (stellen, stallen), קוועלן (quëllen) [4], גיפעלן (ge-vallen) [5], קנעלן [6] (knëllen), טעלאָ (א., ע.) (teller), שנעלאָ (א., ע.) [קומפּאר. צו שנעל (snëlle; snël, גענית. — snelles)]; העלאָ (א., ע.) [קומפּאר. צו העל (hël — אובער גענית. — hëlles!)] [7]; — קעמע (ו.) (kemmen, kemben), קעמו (ל.) [דעמינוט. צו קאַם (kam — גענית. kammes; kamp, kambe, kamme)], קליעמע (ו.) (klemmen), לעמאַלי [lem-melîn, lembel, lemmel, belîn (דעמינ. צו lamme)], פלעמו (ל.) [דעמינ. צו פלאַם (vlamme)] [8]; — ברענע (ו.) (brennen), טרענע (ו.) (trennen), קענע (ו.) (kennen) [9]; — מעסאָ (א., ע.) (meżżaere, meżżer [10]), פעסאָ (א., ע.) [מ״צ צו פאַס (vaż, גענית. vażżes)], שלעסאָ (א., ע.) [מ״צ צו שלוס (sloż, גענית. slożżes)] בעסאָ (א., ע.) [beżżer] [11]; — שטעפּם (stëppen) [12]; — לעפו (ל.) [leffel], שעפו (ל.) [scheffel] טרעפן (trëffen), עפענע (ו.) (offen, offenen, uffen, uffenen) [13].

3) פאַר אַ קאָנסאָנאַנט, וואָס איז אין נייהויכדייטש אין דעם אייגענעם וואָרט פאַרטאָפּעלט (אין מה״ד דוקא געווען איינער אליין!). —

בלעטאָ (א., ע.) [מ״צ צו בלאַט (מה״ד blat, נה״ד Blatt)],

---

[1]) לעקסער 36, 99, 145, 376, 264, 345. — [2]) לעקסער 377. — [3]) אַ וואַרשעווער וואָרט: „מיטן ארויסגיטראסקיט, א׳ פ׳וועטוט אוש״. — [4]) אובער קוועילן (פייניגען) — queln (לעקסער 191). — [5]) אובער פעילן — פון ge-vaelen (לעקסער 76). — [6]) וועגען דעם חוקאבעל זיי: גערזון 112. — [7]) לעקסער 247, 191, 76, 265, 236, 95. — [8]) לעקסער 121, 119, 126, 144, 344. — [9]) לעקסער 29, 271, 127. — [10]) ż = הייבער s. — [11]) לעקסער 162, 313, 233, 23. — [12]) לעקסער 247. — [13]) אין פרושקיוו (חארש. ג.) זאָגט מען: אָפּיני (צ״וו); „דאָס פענצטו איז אָפן״. — [14]) לעקסער 143, 212, 271, 181.

בלעטו (·ל) [רעמינ. (מה״ד bletel, bletelîn ; נה״ד blättchen)] ; געטע§ (·א, ·ע) [מ״צ צו גוט (מה״ד got, נה״ד Gott)] ; פעטע§ [1] (·א, ·ע) (מה״ד veter [2], vetere ; נה״ד vetter [3]) ; [4]) — קעמערו (·ל) [מה״ד kemerlîn, kamerlîn [5]) ; אובער נה״ד Kämmerlein, Käm-merchen [6])], זעמו (·ל) [מה״ד sëmel [7]), sëmele, simel, simele ; נה״ד semmel [8])] ; — גרעס§ (·א, ·ע) [קומפּאר. צו גרויס (מה״ד grôz, נה״ד gross) ; נה״ד grösser [9])] ; — שלעפּם (מה״ד slêpen ! ; נה״ד schleppen [10])).

4) ═ גרעב§ (·א, ·ע) [11]) [קומפּ. צו גרוב (מה״ד grop, grob ; נה״ד grob, קומפּ. gröber)] ; שענ§ (·א, ·ע) [12]) [קומפּ. צו שיין (מה״ד schoen ; נה״ד schön)] ; קלענ§ [13]) (·א, ·ע) [קומפּ. צו קליין (מה״ד klein ; נה״ד klein, קומפּאר. kleiner)] ; נעמע [14]) (·י) [מה״ד nëmen ; נה״ד nehmen !] ; רעדן [15]) (מה״ד reden, נה״ד reden), רעד§ [16]) (·א, ·ע) [מה״ד redaere, reder ; נה״ד redner] ; יענ§ (·א, ·ע) [מה״ד jëner, ëner ; נה״ד jener] [17]). —

אנמערקונג IX. — קיין דערקלערונג צו דער גרופּע קען איך נישט אנ-ווייזן. —

נישט צו דער טעמע אפילו, לוזט זיך בלויז אנמערקען, אז אראנק דעם אפּוויבּען פון כלל ווערן אפּגעשייט ווערטער מיט פארשידענער טײַטש, וואס אנ-

---

[1]) פאטערס ברודער. — אובער פעיטא§ס (·אס, ·עס) — מ״צ פון פאטע§ (·א, ·ע). — [2]) פאטערס ברודער ; פלימעניק (ברודערס זון) ; געשוועסטערקינד [פא-טערס (מוטערס) ברודערס (שוועסטערס) זון]. — [3]) געשוועסטערקינד. — [4]) לעקסער 25, 26, 83, 340 ; טיאנדער 217, 218, 536, 1381. — [5]) לעקסער 121. — [6]) טיאנדער 687. — [7]) ל. 225. — [8]) ט. 1148. — [9]) ל. 85, ט. 546. — [10]) ל. 232, ט. 1094. — [11]) אובער גרעיב§ (·א, ·ע) [דער, וואס גראבט]. — [12]) אובער שיינ§ (·א, ·ע) — פלעקטירטע פורם פון שיין [למשל: „א שיינו (·א, ·ע) מאך]. — [13]) אובער קליינ§ (·א, ·ע) — פלעק. פורם. — [14]) אובער נעימע (מ״צ פון נאמע). — [15]) אובער רייד (рѣчь, рѣчи) [מה״ד, נה״ד rede]. — [16]) דיזער פארשפרייט אין פוילען. „יאך (יעך) בי' נישי קא שטארקו (·א, ·ע) רעדו (·א, ·ע)“. — אובער רעיד§ (·א, ·ע) [מ״צ צו ראעט (ראיט) (==ראד)]. — [17]) לעקסער 85, 217, 126, 175, 193, 117. — טיאנדער 545, 1112, 721, 905, 1010, 1011, 675.

דערש וואָלט וויִער פונעטיִש בִילד געווען איינס און דאָסזעלבִיקע. (ווי די אָנמ. אונטערן טעקסט).

5) לויט אַנאַלאָגיִע: — קרעלן — נאָך קרעל [1].

6) עֶלעֶף (יִף), צוועֶלעֶף (יִף [2]) [מה״ד [3]) einlif און ellif, eilf), zwelif (און zwelf)].

אָנמערקונג X. — אודער די פ איז דאָ „האַלבוואָקאל“, אודער דער עֶ (יִ) פון דער ענדזילב איז אַב'אַזויגערופענער svarabhakti-וואָקאל. נאָר, אַזוי צי אַזוי, דער עֶ אָנהייב-וואָרט שטייט אין אופענער זילב און איז דוך קורץ.

---

II דרום-רוסלענד. גרופע]. — פאַר קרעמעניץ (וואָלין) גילט דעראייגענער כלל מיט דיזעלבִיקע אויסנעמען, ווי פאַר די פוילישע מונדאַרטען. איין וויכטיגער חילוק: אַקעגען דעם פוילישען אַי (אין אויבענאָנגעצייכענטען קרייז) וויזט די קרעמעניצער מונדאַרט — עֶי. — הייסט עס:

I. — אין געשלאָסענער זילב — קורץ. — [ביישפילען [4]) — אַף ז' 245].

אָנמערקונג XI. — אין קרעמעניץ: צען (ציילוואָרט: 10). —

II. — אין אָפענער זילב — עֶי (ėj).

אַזוי: שטעירן, פלעֶידאַוויש [5])...; לעֶידיִק, עֶיזל [5])... —

אָנמערקונג XII. — אין קרעמעניץ: קעֶילי (ליפשיץ 199: קעֶילע). —

אויסנאַמען. A: אין געשלאָסענער זילב — עֶי (אמאָל עֶ [6]):

1) פאַר ר, רד, רט, רל (געוויער ווענגען דעם — אַף ז' 246).

---

[1]) אויבען ז' 245. — לעבען koral הוט עקזיסטירט אַן'עלטערע פורם korallo (ל. 130), פון מיטעל-לאַטייניִשען corallus (ס'קען דאָ, דעריִבער, געגנטען ווערען אין אַכט אויך פ' 2 אַף ז' 253). — [2]) ווענגען וואָקאל פון דער ענדזילב: אין וואַרשע — גיבער עֶ, אין ליובלין — נאָענטער צו ? (רוסיש ы, פויליש y). — [3]) גולטהער l. c. 17. — [4]) בלויז: אַקעגען דער ליטער. פלעקסיִע -ער — -אַ (עלטאַ, קעלבאַ וכ'), און אַלם דעמינוטיווסופיקס — -ל (קעלבל וכ'), — ווי אין ליובלין. — [5]) א. א. וו. (אויבען ז' 245). — [6]) ליפשיץ אונטערשייט שטרענג צווישען קורצען עֶ און עֶי', אויסלייגענדיק: געלט, פעלד א. א. וו. (ז״ז 70, 164 א. א. וו.), און — פלעידערויש, פלעֶיגן, לעֶידיג, עֶיזל א. א. וו. (ז״ז 163, 115, 139 א. א. וו.).

a) דער ר ווערט דערביי וואָקאַליזירט אין אַ (בעיאַ, טרעיאַ ...; פעיאַט, עיאַט[1]) ...; — б) דער ר פאַלט-אַרויס און אין דער זילב זייען מיר עַ (מיט טענדענץ צו פאַרטופּעלונג), אָדער עַיר (דעם j און דעם r קוים צו הערען), צי עַאַ, עַיאַ [געעטל (געַירטל, געַאַטל, געַיאַטל)[1] ...; עעלאַך (עַירלאַך, עַאַלאַך, עַיאַלאַך)[1] ...]; — B) דער ר פאַרבלייבט (פאַר וילבענבילדענדיקען נ), נאָר ווערט אַרויסגערעט זייער איידעל, ווי דער ריינסטער ר-לויט[2] (דער אַוויגערופענער „צונג-ר") [בעירן, טרעירן, שוועירן ... וכ׳]. —

וואַר: עַאַשט, געעשטן (געַירשטן, געַאַשטן, געַיאַשטן)[3] .... [צווישען ר און ט — מחיצה: ש]. —

2) פאַר נג, נק. — [עינג[4]), עינגאַ[5]) ...; בעינק, בעינקל'[5])...]

3) פאַר נד, נט [אין געווויסע פאַלען (גענויער וועגען דעם אף ז' 248)].

אזוי: פעינדל, שפעינדל[6]), צעינדל[7]), קרעינדל[8]).

אַנמערקונג XIII. — אובער: צענטאַ, צענטל (פון צען)[9]. —

אַנמערקונג XIV. — אין קרעמעניץ: נעיונטאַ — קומץ. צו נאָוונט[10]).

4) ווען אין מה"ד איז די זילב געווען אָפען. — [גענויער וועגען דעם אף ז' 250]. —

a) רעים, זעיג[11]), קעיז[12]), לעיב[13]), עיל[14]), א. אַ. וו.; — עך לעיב, לעיב! — עך צייל, צייל! —; שפעיט[15]), בעיז[16]), שעין[17]); — דעים; —

б) די לעיבסט, איר לעיבט, לעיבט! — די צעילסט, איר צעילט, צעילט! —; שעידלאַך[17]); — וועיג[18]), שטעיג. —

5) ווען אין מה"ד איז אין דער זילב געווען אַ לאַנגער וואָקאַל [שעין, געין, שטעין].

6) לויט אַנאַלאָגיע [געיל, געילבלאַך[19]); בעיטלין, בעיטלאַ[16])]. —

7—8) גיוועין, מעיל[20]), נעיסט[21]), מעיסטל[20]). —

---

[1]) א. אַ. וו. (ז' 246). — [2]) דער כלל באַציט זיך אויך אף די פוילישע מונדאַרטען. — [3]) א. אַ. וו. (ז' 247). — [4]) ליפשיץ 139: עינג. — [5]) א. אַ. וו. (ז' 248). — ל—ץ 61: בעינקל. — [6]) ל—ץ 219. — [7]) ל—ץ 179. — [8]) ל—ץ 202. — [9]) ל—ץ 180: צען, צענט, צענטל. — [10]) ל—ץ 128. — [11]) ל—ץ 96. — [12]) ל—ץ 199. — [13]) ל—ץ 114. — [14]) ל—ץ 139, 138. — [15]) ל—ץ 219. — [16]) ל—ץ 61. — [17]) ל—ץ 217. — [18]) ל—ץ 92. — [19]) ל—ץ 70. — [20]) ל—ץ 125. — [21]) ל—ץ 133.

## Б. — אין אָפּענער זילב — קורצער עֶ.

1) [ווי אין די פוילישע מונדאַרטען (אויבען ז"ז 252—253)] [1].

2) [ווי אין די פוילישע מונדר. (אויבען ז' 253)].

3) [ווי אין די פויל. מונד. (אויב' ז"ז 253—254)].

4) [ווי אין די פויל. מ"מ (ז' 254)]

5) [ווי אין די פויל. מ"מ (ז' 255)].

6) עֶליף, צוועֶליף [ווי אויבען ז' 255]. —

—— אין בערדיטשעוו (קיעוו. ג.), אין וואַכנאָווקי (קיעוו. ג., בערדיטש. א.), אין וועֶנגעֶראָווע (לומז. ג.) — ווי אין קרעמעניץ.

אָנמערקונג XV. — פאַר וואַכנאָווקי איין אויסנאַם: אין געשלאָסענער זילב פאַר ר (און רד, רט, רשט) — מאַכט עֶי, אובער דעם י (j) קוים צו הערען [2], און דער ר פאַרבלייבט. ס'איז דערבײַ אַן „אומריינער" ר (דער אַוויגערופענער גימענזעגעל-ר-לויט), וואָס ווערט אַזוי געֶווּרכעלט, אַז עס הערט זיך (דערהויפט פאַר ד, ט, שט) במעט אַ כ. — אַזוי: בעֶיר, טרעֶיר, שעֶיר... פעֶיכד, עֶיכד, שוועֶיכט... בעֶיכדל, קוועֶיכדל [3], פעֶיכדל, שוועֶיכדל... עֶיכשט, בעֶיכשטל...

פאַר רל איז דער עֶ מעכיקלאַיג, דער י הערט זיך, קען מען זאָגען, אינגאַנצען ניט, — און דער ר איז ניט אַזוי שטאַרק געֶווּרכעלט: — עֶרליכר, שוועֶרלעך. —

אין וואַכנאָווקע: עֶירינס (— ערנסט); — אָנעֶכל [דעמינ. צו אָן (— האָן)], יֶנדל [דעמינ. צו היֶן (— הון)]; — ניסט [אַקעגען מה"ד nist [4]]; — גאָכטן (— גאָרטן), אין טײַטש פון אורט, ווו ס'וואַקסט גרינוואַרג (רוסיש: огород) [דער דעמינוט. גערטל — אומבאַקאַנט].

אָנמערקונג XVI. — אין וועֶנגעֶראָווע, אונטער'ן אײַנפלוס פון דעם נאָענטען ליטווישען געביט (אין לומז. ג.), הוט זיך אויסגעאַרבעט בײַ אַ געוויסען טייל פון דער באַפעֶלקערונג (פון יינגערען דור) אַ בולטע אויסשפּראַך פון ר-לויט. בײַ דערדאָזיקער גרופּע איז דער עֶ אין געשלאָסענער זילב פאַר ר — קורץ.

---

[1]) פלויז, אין קרעמעניץ: פעֶכאַ — вѣръ; — וועשני (ליפשיץ 93: וועשנע). — העשן — איז אומבאַקאַנט. — [2]) אין דער עֶ — געשלאָסען, מיט אַ נטיה צו דעם לויט, וואָס איז צווישען עֶ (רוסיש э) און ? (רוסיש ы), — נאָענטער צו ?. — [3]) דעמינ. (ווייניק געברויכט, אפילו צו קאָרט. — [4]) זיי אויבען ז' 251.

אַלזו, הערען מיר בא אירע פאַרטרעטער: בער [1], שער, טרער... פערד, ערד, ווערט...

---

II] דרום-רוסלענד. גרופע]. — זי אונטערשייט זיך פון דער ערש-טער דערמיט, וואָס זי האָט ? (ŷ), אַנשטאָט דעם קרעמענעצער עי, אין יענעם קרייז, און וועלכען אויך די פוילישע מונדאַרטען האָבען עי [2].

אַקעגען דעם פוילישען אַי (וואָס אַנטשפּרעכט דעם ליטווישען ע און עי) האָט אויך די צווייטע דרום-רוסלענדישע גרופּע עי.

איר פאָרפאָסטען געפינען מיר אין ווענגעראָווע (ווענגער-ווי — אין דער אויסשפּראַך פון דער מונדאַרט, מיט וועןכער מיר וועלען זיך דאָ באַשעפטיגען) און אין ליוו (א דורף 5 ווערסט פון ווענגעראָווע).

די הערשענדיקע ווענגראָווער מונדאַרט באַלאַנגט (בנוגע צו דער טעמע פון אונזער עטיוד, און איבערהויפּט) צו דער ערשטער דרום-רוסלענד. גרופּע (ווי אויבען ז' 257). נאָר לעבען איר עקזיסטירט אין ווענגעראָווע אַ צווייטע מונדאַרט, פון וועלכער מיר וועלען דאָ רע-דען. זי איז, לויט אַלע סימנים, עלטער פון דער הערשענדיקער, איז אָבער פון איר שוין שטאַרק אַרויסגעשטופּט געוואָרען. „פאַרגרייזט אַפ'ן חירוק“ [3]) רעדען יעצט אין ווענגעראָווע, זאָגט מען, כמעט אויס-שליסליך 60—70-יעריקע זקנים,—אויך נישט אַלע, נאָר „גאָר די פאַר-פרימטע, די פאַרבאַוויטע“, — ווי ס'האָט זיך פאַר מיר אויסגעדריקט אַ דאָרטיקער סופר; ער האָט נאָך צוגעגעבען: „די פאַרצייטישע“, — ווייזט-אויס, די טיפסטע וואָרצלען פון יידישען ישוב אין ווענגעראָווע.

די סביבה (סוקולוו, שיעדלעץ וכ') רעדט מערסטענטיילס מיט דער מונדאַרט, וואָס שטימט (בנוגע צום לאַנגען ע) מיט דער ערשטער דרום-רוסלענדישער גרופּע. דורך האַנדעלספאַרקער און שידוכים איז זי אַריינגעדרונגען קיין ווענגעראָווע און האַלט אין פאַרפליצען דאָס איינגענאַרטיקע שפּראַכאינזעל, צוזאַמען מיט דער פרעמדער מונדאַרט האָט זיך דאָרט איינגעוואָרצעלט דאָס ביייסיקע שטעכווערטעל ז. ביר

---

[1] ber (רוסיש: бэръ). — [2] ווי אויבען ז' 245. — [3] דער אויסדרוק פון אַ סוקולוווער

דעם אָרטיקן לשון. עטליכע-און-דרײַסיקיעריקע וועגנראָווער דערציי-לען, אַז זײַנט זיי געדענקען זיך — אַלזאָ מער אַלס 20 יאָר שוין — ווערט אין דער שטאָדט אָפּגעשפּעט פון דעם „אָרינג" און פון דעם „קיז". ווי רעט מען עס אָבער „אַנדערש, ווי די גאַנצע וועלט"? — האָבען די וועגנראָווער פון די יינגערע דורות באַוווסטזיניק אָנגעהויבען אָפּצוגעוווינען זיך פון דער מונדאַרט, וואָס איז פּאַרמיאוסט געוואָרען פון די לצנים.

אין דער געאָגראַפיע פון ייִדישען שפּראַכגעביט איז וועג-גראָוו-ליוו אַ העכסט אינטערעסאַנטער מאָמענט. די דערשיינונג זייען מיר אין דער געשיכטע פון איטליכען לשון. צוויי שכנותדיקע מונדאַרטען קעמפען צווישען זיך. ביסלעכוויס זיגט איינע, און צו-זאַמען מיט דעם, רוקען זיך איבער די דיאַלעקטאָלאָגישע גרענעצען. דאָס געשייט אונטער דער ווירקונג פון פאַרשידענע סבות, צווישען וועלכע, לעבען די סאָציאַל-עקאָנאָמישע, פאַרנעמען נישט דאָס לעצ-טע אָרט אויך די קולטורעליש-פּסיכאָלאָגישע. דערצו דאַרף אָנ-געמערקט ווערען: דער קאַמף איז נישט קיין גרינגער, דויערט זייער-זייער לאַנג, דען די מונדאַרט, וואָס ווערט באַזיגט, גיט זיך נישט אַזוי גיך אונטער און פאַרטיידיגט איר עקזיסטענץ; אויב מ׳מעג זיך אַזוי אויסדריקען, מיט אייזערנעם עקשנות. — —

הכלל, אין וועגנראָוו-ליוו אין אָפענער זילב:

א) (ווי געזאָגט, אַקעגען פּוילישען עי):

שטירן, פֿלידרוויש, ריגן, פריגן, פליגן, גיליגר, לידר, ליבם, פירל, ביזים, ביטן, שווירן, שימין, שטיטל, גליזר, גליזרן, קלירן, אַנשליפן, אירן [1]. —

נאָך ביישפּילען: נימין, וויגאַלי, קירן, אירינג, גיפריגלץ, וויטענע, זיין, פינר, גריבר, רידר, קילר, איטימין [2]; — זיליק, איבעך [3].

צ״ך: פּירינץ (פּרץ), מאַחאַתינימער (מחותנת). — אויך גיבם.

---

[1]) ז. ה. דײַטש פון די ווערטער ווי אויף ז׳ 245 III א. I. — [2]) ליטעראַריש אויס-לייגט: נעמען (מ״צ צו נאָמען), וועגעלע, קערן, הערינג, געפּרעגלץ, וועטען, זען, פענער (מ״צ צו פאָן), גרעבער (דער, וואָס גראָבט), רעדער (מ״צ צו ראָד), קעלער, אָטעמען (אין ליטע עטעמען). — [3]) אייגען-נאָמען: זעליג, חענעך.

אָנמערקונג XVII. — אין ווענגרוו: נאָר איטליכּר (יִדר — ניש געברויכט); — שעפסאַלי (שפאַלי — אומבאַקאַנט); — מעיטר (לירער — אומבאַקאַנט); — יִריק — אומבאַקאַנט.

ב) עַי (ווי געזאָגט, אַקעגען פוילישען אַי) [לעדיק, עיזל, לעגן [1])...] — —

זאָלס אויסנעם, קומען ? און עי אויך אין געשלאָסענער זילב:

1) פאַר ר, רד, רט, רל, רשט (אַקעגען פוילישען און קרעמענצער ביערדישעווער עַי) — שטענדיק ?. — ,

אזוי: בּר, טרר, רר, שר, שוור, אר, דר, וור; — פרד, ארד, וורט, שוורד, קרט, פאַקרט; — גרטל, גרטע-נער [2], בּרדל, קרטל, פרדל, שוורדל; — אר אַך; — אָרשט, ארשטר, גרשטן [3].

אָנמערקונג XVIII. — זוגאַר שרפּ (רוסיש: серпъ; פּויליש: sierp). — אויך ארנסט (נ—ווילבעגבילדעגדיק!).

אָנמערקונג XIX. — אובער: מעיר (אַנשטאָט דעם טעורעטיש ריכטיקען מר), בערשטל (טעורעטיש ריכטיק וואָלט געוועזן בּרשטל). —

2) פאַר נד, נט [אין געוויסע פאַלען (גענויער — אַף ז' 248)].

ווי: פנדל, שפּנדל, בּנטר; — צעינדל, קרעינדל. —

אָנמערקונג XX. — דער ? פאַר נד עטוואָס קורצליך, מיט אַ נטיה צו ! (מ׳וואָלט געקענט זאָגען: נאָנט צום דייטשישען קורצען ii).

אָנמערקונג XXI. — אובער צענטר, צענטל, צענר.

אָנמערקונג XXII. — אין ווענגרוו: קדל [רעמינ. צו אין (— היין)], אנדל [רעמינ. צו הין (— הון)]. —

3) ווען אין כה״ד איז די זילב געוועזן אָפען [ווי אויבען ז' 250].

צום ביישפיל: a) קל, רם, זג, קז, — לעיב, עיל, קעיט; — איך לב, לב! — איך צעיל, צעיל! —; שפּט, בעיז, שעין; — דם; —

б) די לבּסט, זטן [4] לבט, זר [5] לבט, לבט! — די

---

[1]) ווי אויבען ז' 345. — [2]) מ״צ צו גאָרטן. — [3]) די טייטש פון די ווערטער — אויבען אַף ז״ז 246—247. — [4]) = דעם פויל. עַטן, דעם קרעמענצער און ליטווישען אר. — [5]) ער.

צעילכט, אלטץ צגילט, איר צעילט, צייַלט׳ — ; וולג (איך אינטורוולגנס).

אַנמערקונג XXIII. — שילדלאַך און שטלג — אומבאַקאַנט.

4) ווען אין מה״ד איז אין דער זילב געווען אַ לאַנגער וואָקאַל [שעין, געין, שטעין] —

5) לויט אַנאַלאָגיע: גלל, גלבלאַך; בלטלין, בלטלר, בלטלארין. —

6) גיוולן.

7) מלל, מלסטל.

אַנמערקונג XXIV. — נלסט אין ווענגרוו אומבאַקאַנט; מ׳זאָגט דורט: גביאַזדי. —

אַנמערקונג XXV. — פאַר נג, נק הוט ווענגרוו: קורצען ע! — גלו: ענק, ענגר; גיענקט, געַנק, לענק א. א. וו. [1].

אַנמערקונג XXVI. — רעדן — אומבאַקאַנט. מ׳געברויכט אלין: זאָגן. אובער רעיט ווייסט מען: „אַ ייִדינע אוט נאַאַן מאָים רעיט". — [2]

זאַין די וואָלינער שטעדט: רָוונע, אָלעווסק (אווּרוטש. א.), ליובאַר (נווגראַד-וואָלינסק. א.), טשערנלכאָוו [3] (זשיטאָמ. א.); זאַין כאַבנע [4] (קיעוו. ג.), און אַנדערע ערטער, — אים צאַלגעמיין, ווי אין וולנגעראָווי [5].

סימנים פון דער איבערכאַראַקטעריזירטער דערשיינונג געפינען מיר אין די איינמאָל שוין דערמאַנטע [6] ייִדישע פאָלקלאָריסטישע קלענקיטן זוֹיס בוימען.

---

[1]) זיי אויבען ז״ז 247—248. — אין פוילען, אין קרעמענעץ שטענדיק עי. — [2]) מאַטעריאַלען וועגען די ווענגערווער מונדאַרטען הוב איך געשעפט באַ די ה״ה י. מ. רייזמאַן, מ. גוטגולד, מ. עמערט, ח. מיודוווניק און באַזונדערס פיל באַ דעם 74-יעריקען סופר ר׳ אהרן גרינבערג, וואָס רעט זיך אליין „מיט׳ן חירוק", קען גוט און הוט ליב זיין „מאַמע-לשון", ווי ער הוט זיך אויסגעדריקט. — [3]) זיי דעם צווייטען באַנד פון מיינע „ייִדישע פאָלקסלידער" ז׳ 170. — [4]) c. l. ז׳ 17. — [5]) „פאַרגרייזט פון צירי אַפ׳ן חירוק" רעט אויך שלום-עליכם (געבוירען אין פעריאַסלאַוו, פּאָלטאַוו. ג.), ווי די באַזונבער פון זיינע פורליַיזונגען הובען אפשר באַמערקט. ער זאָגט: וולג, שוולר, שטלט (הינג, שווער, שטעדט). — [6]) אויבען ז׳ 232

אין דער „מעשה פון דלות" („דער אורקיועלל" I 80): וויגילע, געווין, שים (== וועגעלע, געוועזען, שעב).

אין יידישען קינדערליד („דער אורקוועלל" I 50): מיגילע (דעמינ. צו מאָגן). —

—— פּאַראַלעלען אין אַ דייטשישער מונדאַרט אויס בייעמען: sühr, mühr, hürte, büse, rüher (== sehr, mehr, hürte, böse, röter פון דער נה"ד שריפטשפּראַך).

די ווערטער אין דער געבראַכטער שרייבונג טרעפען זיך אין פאָלקסמעשהלע „דער העקסענריטט"[1] אויס גיישטעטל[2].

---

III) דרום-רוסלענד. גרופּע). — זי האָט קורצען י (ענליך צום רוסישען ы, צום פּוילישען y) אַקעגען דעם לאַנגען י (== רוסישען и, פּוילישען i) פון דער צווייטער דרום-רוסלענדישער גרופּע.

אַנמערקונג XXVII. — ס'איז נישט דער קורצער און אופענער, דער שאַרפער י, וואָס אין אַזעלכע ווערטער[3], ווי: מיט, דריט, קינד, בלינד. דער י, פון וועלכען מיר רעדען, באַלאַנגט צו דער קאַטעגאָריע פון צווישענלויטען, — איז נישט זיכער: דאָ מער-ווייניק דייטליך — כמעט אַ גאַנצער י, דאָ האַלב-צושווימען, דאָ גאָר צושווימען. מ'קען דעם וואָקאַל כאַראַקטעריזירען, כּלומרשט, אַלס קורצען און זייער געשלאָסענעם ע. אין געלט, פעלד איז דער ע קורץ, אָבער אָפען און דעריבער שאַרף, דייטליך, == דעם רוסישען э. דער זייער געשלאָסענער קורצער ע דערנענט זיך צו י אַף אַזויפיל, אַז גיסט זיך כמעט מיט אים צונויף. אָבער בלויז כמעט. ס'איז שוין נישט קיין ע, נאָר אונטער דעם י שפּירט דאָס גענויע אויער די אורשפּרינגליכע טונפאַרב פון דעם וואָקאַל.

באַזונדערס נישט זיכער איז דער י פאַר ר. הגם דער ר-לויט טרעט נאָך אים אויף אין אויסדריקליך קאָנסאָנאַנטישער פונקציע, נאָר דער סאָנאַנטישער עלעמענט פון ר-לויט, זיין ערשטער גליד, וואָס לוזט זיך אופאַסען אַלס ע, אַסימילירט, דערנענט צו זיך דעם י-לויט, אַזוי אַז פאַר ר הערט זיך שוין אַ וואָקאַל צווישען ע און י, ווי אינדערמיטען צווישען די צוויי קורצע און אופענע לוי-

---

[1]) פאַרעפענטליכט פון ה' ם. רעסלער אין „אַם אור-קוועלל" III 31—32. — [2]) אין די איזערבערג. — [3]) אין פּוילישער, אין קרעמעניץ-בערדיטשעווער אויסשפּראַך.

טען, — באַם עלטערן דור — נאָענטער צו י, באַם יינגערן — צו ע, און אין איינצענלע ווקאַבלען — כמעט בולטער ע. —

אין **אָסטרע** (ווֹלין), אין **סטעפּאַנצי** (קיעוו. ג., קאַנעוו. א.)‡ **שטירן**, **פלידרוויש**, **ריגן**, **פריגן**, **פליגן**, **לידר**, **ליבם**, **פירל**, **ביזים**, **ביטן**, **שווירן**, **שימין**, **שטיטל**, **גליזר**, **גליזרן**, **לירער** [1].

אין אוסטרע: **שיפּל** (מ״צ שיפּליך), **איינשליפן**, **אירן**.

אין סטעפּאַנצי: **יירק** [2], **קלירן** [3], **שיפּלי** (מ״צ שיפּאַלאַך), **פאַרשליפּירן**, **היין**.

אין ביידע ערטער: **נימין**, **וויגילי**, **קירן** [4], **ווימיני**, **רידר**, **קילר** וכ׳.

אָנמערקונג XXVIII. — אין סטעפּאַנצי: אין **ריגן**, **פריגן**, אַלוי— צווישען ר און ג, הערט זיך, ווי יי (ij), ד. ה. ווי דער י וואָלט געבראָכען געוואָרען אין אַ קורצען דיפטונג [5]. —

אָנמערקונג XXIX. — אין אוסטרע: **יעדר**, **יעידר** (אַנשטאָט דער טעורעטיש־ריכטיקער פורם: יידר). — אין סטעפּאַנצי, אַלס נורם: **איטלאַכר**.

═══ **ביר**, **טריר**, **שיר**, **שוויר** [6], **איר**, **דיר**, **וויר** [7]; — **פירד**, **זירד**, **ווירט**, **שווירד**, **שטירט**, **קירט**, **פאַרקירט** (אין סטעפּאַנצי), **פערקירט** (אין אוסטרע); — **גירטנדל** [8] (אין אוסטרע; אין סטעפּ.: **גאָרטנדל**), **בירדל**, **קירטל**, **פירדל** [9], **שווירבל**; — **אירליך** [10] (אין אוסטרע; אין סטעפּ.:

---

[1]) דער ווקאַבעל: געלעגער (אין אַנטשפּרעכענדיקער אויסשפּראַך) — אומבאַקאַנט דורט. מ׳געברויכט בלויז: בעטגעוואַנט. — [2]) אין אוסטרע: יאָריק. — [3]) עפטער: טראַכטן. קלירן — אין טייטש: נעמען עפּעס אין זינען, פּרויעקטירען עפּעס. טראַכטען — cogitare. — אין אוסטרע — כמעט אויסשליסליך טראַכטן. — [4]) אין אוסטרע — פּאַראַלעלע פורם: קירן. — [5]) די אויסשפּראַך איז, וואַרשיינליך, פאַרטראָגען געוואָרען פון אַן־אַנדער שטאָדט. — [6]) דער ווקאַבעל רער — אומבאַקאַנט. — [7]) די לעצטע דריי הויפּטזאַכליך אין סטעפּאַנצי. — [8]) אורט, וווּ ס׳וואַקסט גרינוואַרג. — סאָד — זאַמלונג פון אויבסבוימער. — [9]) נאָך אַ זיינג פּערדל זאָגט מען אין דרום־רוסלאַנד געוויינטליך: לאָשיקל. — [10]) אין אוסטרע: זערליך — פרום; ערנטליך — פיין (честный).

אירלאַך), שווירליך (-לאַך); — אירשטר, גירשטן (אין כטעפ. ; אין אוסטרע: גירשטן !) [1]. —

אָנמערקונג XXX. — דער י, ווי געזאָגט (זיי אויבען אָנמ. XXVII), צווישען י און ע, בײַ דער יוגענד נאָענטער (בײַ איניקע גאָר נאָנט) צו ע. — אין די פּראָנאָמינאַ ער, דער, ווער, אין אוסטרע (בײַ אַ גרויסען טייל פון דער בעפעלקערונג), פּעסטער ע.

אין אוסטרע, אין כטעפּאַנצי: מער, מערער, בערשטל [2], — מיט פּעסטען ע.

= פינדל, שפּינדל, ניוונטר [3] [אין אוסטרע; אין מטעפּ.: ניהונטר [4]].

אָנמערקונג XXXI. — אין אוסטרע: צאַנטשיקל [5]; אין כטעפּ.: הינעכל [6].

= רים, זיג, קיז [7]; — ליב, ליבסט, ליבט; — שפּיט; — דים; — וויג [8]. —

אָנמערקונג XXXII. — אין אוסטרע פּאַראַלעלע פאָרמען: קעיז, דיים.

= גיל, גילבלאַך [אין כטעפּ.; אין אוסטרע: גיל, גילבליך [9] (בײַם עלטערן דור); געיל, געילבליך (בײַם יונגען)]; ביטלין, ביטלר [10], ביטלרין.

= גיווין; — מיל, ניסט, מיסל [11]. — —

אָנמערקונג XXXIII. — פאַר נג, נק — עי (דער ע קורץ און קוים-קוים געשלוסען, מיט אַ נטיה צו י; דער י — דײַטליך). —

ביישפּילען — אַף ז"ז 247 — 248. — בלויז: קרעינק (אין קראַינק) אין אוסטרע ווייניק געברויכט; נורם — שלאַפקייט (שלאָף); — קריטשמי (אין קרעטשמין — קרעטשמי) — באַקאַנטער ווי שעינק. —

---

[1]) ערנסט - אומבאַקאַנט. מ'זאָגט: סעריוזני. — [2]) זיי אויבען, אָנמ. XIX (אַף ז' 260). — [3]) קומפּאַר. צו נאָוונט. — [4]) קומפּ. צו נאָוונט. [דער „וו" הערט זיך אַמאָל יו (דערבײַ קוים-קוים), אַמאָל אינגאַנצען נישט]. — [5]) דעמינ. צו אָן. — [6]) דעמ. צו האָן. — [7]) דער וואָקאַבעל קעל (אין אַנטשפּר. אויסשפּראַך) אומבאַקאַנט. — [8]) שטעג (אין אַנטשפּר. אױסשפּר.) אומבאַק. — מ'זאָגט: סטעשקע (ליפשיץ 135). — [9]) קירן, גירשטן, גיל, ווייס-אויס, פאַרבלונדזעט פון רוינו (וואָס ליגט כך-הכל עטליכע און דרייסיק ווערסט פון אוסטרע). — [10]) אַף אַ קריסט (אַף אַ ייד: אָרימאַן). — [11]) אין אוסטרע [ווען ט — דעריבער אויפּענע זילב] — אין כטעפּ. מיסטל ווייער זעלטן געברויכט.

לעינקין — אומבאַקאַנט אין אוסטרע און סטעפּאַנצי. —

אַנמערקונג XXXIV. — אין איבעריקען איז די 3-טע ד.-רוסל. גרופּע איינגאַנצען ענליך צו די ערשטע צווי. — הייסט עס:

געלט, פעלד... צען[1]. [שנעל; געצעלט[2]; געוועלב — אומבאַקאַנט; מ׳געברויכט: גלך; בודקי (אין אוסטרע), ביידל[3] (אין סטעפּ.); קלייט]; —

לעידיק, עיזל,... שנעי; — צעינדל[4]), קרעינדל; — לעיב, עיל[5]), קעיט, בעיז, שעין; — געיין, שטעיין[6]). —

אַנמערקונג XXXV. — אין אוסטרע, אין סטעפּ.: גליבם. —

אַנמערקונג XXXVI. — אין אוסטרע: רעדן, רעיד; אין סטעפּאַנצי: רעידן (איך רעיד, די רעדסט, איר רעט), רעיד.

אין אוסטרע: קרעלן; אין סטעפּ.: קאַרעלן (טרופּ אַף ע[7]). —

אין שפּאָלי (קיעוו. ג.) — ווי זיין אָסטרע און סטעפּאַניץ.

[אויס אַ פּריוואַטע מיטיילונג[8]): שטירן, ליבם, ביטן, שליפּיריק, איר, וויר, ווירט, אירשטן, גיווין, מיג, גימיבילטי, צאַנקיגן]. —

באַ אַ ייד אויס באָסליוו[9]) (קאַנעוו. א., קיעוו. ג.) האָב איך געהערט: שפּייטר, פּריינגן, גיוויין, — אַלזאָ: מיט אַ קורצען דיפטאָנג יי [ij] (== רוס. ый, פּויל. yj).

באַ אַ ייד אויס קאָריץ (קוול. א., וואָלין. ג.) האָב איך געהערט: פּריעגן, מיט אַ קורצען דיפטאָנג יע [ie] (== רוס. ыэ).

פאַראַלגעמיינערן די צופעליקע באַאָבאַכטונגען קען מען נאָך נישט, צוליב לעת-עתה׳קען מאַנגעל אין געהעריקען מאַטעריאַל. —

---

[1]) זיי אויבען ז׳ 255. — [2]) נאָר אין חדר פון רבין הערט מען דאָס ווארט. — [3]) „די ציגיינער האָבען אופגעשטעלט אַ ביידל“. — [4]) אין סטעפּ. פאַראַלעלע פאָרם: צאָנדל. — [5]) עיל, אַלס מאָס, אין סטעפּ. אומבאַקאַנט. — העיל — אויך אומבאַקאַנט אין ביידע שטעדט. אין אוסטרע געברויכט מען: קלר; אין סטעפּ. — גרלב. — [6]) אויך די ו"ז 252—254 באַציען זיך אַף די 3-טע גרופּע ד.-ר. מ"מ. — [7]) מאַטעריאַלען פון די שטעדט האָב איך געגומען פון פאַרשידענע פּערזאָנען, — צווישען זיי פון די ה"ה חיים ליסע, יעקב גייסער, יונה ווײַנשטיין און אנד. — [8]) פון ה׳ יעקב אַפּטיקער. — [9]) Богуславъ.

[דער העברעישער עֵ]. — אין די לשון-קודשדיקע ווערטער, וואָס זע-נען אַריינגעגאַנגען אין דער יידישער שפּראַך, און בכלל אין דער „עברי”, גייט דער עֶ [דער קורצער (סגול), ווי דער לאַנגער (צירה)], פון הויכבאַטאָנטער זילב, אינגאַנצען נאָך דעם גורל פון יידישען עֶ מיט אַלע זיינע קוואַנטיטאַטיווע און קוואַליטאַטיווע פאַרענדערונגען לויט די באַזונדערע מונדאַרטען.

דער פאָלגענדיקער כלל לאָזט זיך אויפשטעלען פאַר דעמדאָזי-קען פאַריידישטען עֶ פון דער העברעישער פאָנעטיק:

A. — אין געשלאָסענער זילב האָבען אַלע יידישע מונדאַר-טען, פאַר די העברעישע וואָקאַלען, קורצען עֶ [אַקעגען סגול און אַקעגען צירה (ווערלכער ווערט, הייסט עס, פאַרקירצט ביז אַ סגול)].

ווי צום ביישפּיל: מערכין, מערכיק, מסעכטי; — געט, מעס, נעס, לעץ, בעזין (מַרְחִין, מֻרְחָק, מַסֶּכֶת; — גֵּט, מֵת, נֵס, לֵץ, בֵּית־דִּין). —

Б. — אין אָפענער זילב האָבען אונזערע מונדאַרטען אַקעגען דעם סגול מיט'ן צירה:

1) די ליטווישע[1]:

a) קורצען עֶ (אַקעגען סגול).

אַזוי: בעגעד, דערעך, קנעסעס, עוון-טאָוו, פערע-אָדאָם (בֶּגֶד, דֶּרֶךְ, כְּנֶסֶת, אֶבֶן־טוֹב, פֶּרֶא־אָדָם).

б) עֵ, דיפטאָנגירט אין עֵי (אַקעגען סגול, אַקעגען צירה).

ווי: פעיגר, קעיווער, מעילעך; — מעיסים, שעידים, לעיצים (פֶּגֶר, קֶבֶר, מֶלֶךְ; — מֵתִים, שֵׁדִים, לֵצִים).

אַנמערקונג XXXVII. — קעילי (כְּלִי) — אַנאַלאָגיע צו קעילים (כֵּלִים).

אַנמערקונג XXXVIII. — ווען דער סגול בלייבט אין אָפענער זילב, און ווען ער ווערט אויסגעצויגען אין עֵי, איז מיר פאָרלויפיק נאָך נישט גענוג קלאָר, אַזוי ווי ס'איז לעת עתה נישט קלאָר, פאַרוואָס היבען מיר אין די ליטווי-שע דיאַלעקטען אין רעגן, פרעגן (אין אָפענער זילב) — קורצען עֶ, און צעינדעלע, לעיב, אויבער (אין געשלאָסענער זילב), — עֵי. —

2) די פּוילישע:

a) עֵי (אַקעגען סגול) —

[1]) אין די שטעדט, וואָס זענען דערמאָנט אויבען אף ז' 244, ווי אויך אין וואָלקאָווישקי (סוואַלק. ג.) און לאָמזע.

בעיגיד, מעילעך (-לאַך, -לעך), האַזעי [1]) (טרופ אף עי), סעיגל׳.

б) אַי (אַקעגן צירה) —

מאַיסים, שאַידים, לאַיצים, אַיצי [2]) [אין װאַרשע, און קאַלוש־ין (װאַרש. ג.) אײנגעטליך: מנאַיצי, מינאַיצי], צאַיראַי.

אַנמערקונג XXXIX. — אַלס אױסנאַם: מאַילעך (לאַך, -לעך [3]), קאַיװע (אַ, -ע), פאַיגע (-אַ, -ע) (אַקעגן סגול). — װי מיר זײען, האָבן די פױלישע מונדאַרטן אַי אַקעגן סגול דורט, װו די ליטװישע האָבן עי אַקעגן סגול. — ענליכע פאַראַלעליזם האָבן מיר קאָנסטאַטירט אױבן, ז׳ 245. —

3) די ערשטע דרום-רוסלענדישע גרופּע:

עי (אַקעגן סגול און אַקעגן צירה) —

בעיגיד, עיון-טאָװ, פּעירי-אָדאָם, שעיריץ [4]), מעילאַך, קעיװע (-ר), מעיסים, שעידים, לעיצים.

4) די צװײטע דרום-רוסלענד. גרופּע:

a) ? (אַקעגן סגול).

אין װענגרױה [5]): נליץ, מעלאַמטלניסטי [6]), טלװי, קנלסיס-יִסרָאֵל, אַלריװו-שאַבּיס, נלפּיש, שלפּי [7]). אין זשיטאָמער [8]): פּלרעץ, מללעך [9]).

אַנמערקונג XL. — אַלס אױסנאַם אין װענגרױו: פּעיגר, קעיװר, מעילאַך, שעיגיץ — (אַקעגן סגול!). — [װי אױבן אַנמ. XXXIX].

б) עי (אַקעגן צירה) —: מעיסים, שעידים, לעיצים וכ׳.

5) די דריטע דרום-רוסלענד. גרופּע:

a) ? (אַקעגן סגול) —

סיגל, מליטניניסטי, דיליס, קניסיס-ישרָאֵל, דימאַ [10]), פּירין.

б) עי (אַקעגן צירה): — מעיסים, שעידים, לעיצים.

---

[1]) הָוָה. — [2]) עֵצָה. — [3]) אין טײַטש: קיסר. — מעילעך (-לאַך, -לעך) — אין דער „עברי״, אין דאַװנען; מאַילעך (-לאַך, -לעך) — אין אײנפאַכיקן רעדן. — [4]) שֶׁרֶץ. — [5]) נאָר אין די װערטער, װאָס זענען אַרײַן אין די לעבעדיקע ייִדישע שפּראַך, אַ. „דאַװענען״ — ניט. — [6]) זײ אױבן ז׳ 259. — טֶבֶת, כְּנֶסֶת־יִשְׂרָאֵל, עֶרֶב־שַׁבָּת, נֶפֶשׁ, שֶׁבַע. — [8]) Жшомиръ (װאָלינ. ג., זשיטאָמיר. א.). — [9]) װי ה׳ מנחם קיפּניס מעלדט מיר מיט, געדענקט ער פון זײַן קינדהײט, אַז זײַן זײדע, אַ 73-יעריקער זקן, פלעגט אין דאַװענען אױסלײגן סגול און אױפגעער זיך אױסצושפּרעכן װי אַ חירוק. — יעצט איז די אױסשפּראַך פאַרבליבן נאָר אין די העברעישע װאָקאַבלען, װאָס זענען צונױפגעװאַקסן מיט דער אַלטעגליכער ייִדישער שפּראַך. אין דער עברי איז דער חירוק אַנשטאָט סגול און איפּ. זיך שױן אָפּגעשטאָרבן. — [10]) דֶלֶת, דֶמַע.

צוגעקומען בשעת'ן זעצען]. — אין די מונדאַרטען (גייען-אַריין אין געביט פון ליטווישען דיאַלעקט) פון די שטעדט וואָלקאָווישקי (סוּוואַלק. ג.), טשעריקאָוו (מאָליוו. ג.) לאָמזע — ווי אין פּינסק א. אַ. וו. (זעה אויבען ז"ז 244—241).

אַנמערקונג XLI. — אין וואָלקאָווישקי, אין טשעריקאָוו, אין לאָמזע: פאַר נג, נק — עי: עינג, בעינקל א. אַ. וו. [1]).

אין וואָלקאָווישקי: גאָך (גיין), שבאָל (פאָרען); ביידל [2]); שלאָמן [3]); קראָם [1]); קאָרעלן [5]) (טרופּ אַף עָ); צאָן (=10); בעזשים; יעדערער; שעפּכל [3]); איינשלעפּערן [6]); גערטל, קערטל, בערדל [דימינ. צו גאָרטן [7]), קאָרט, באָרד [8])]; מאָן [8]), — פענער — פענדל, אָן [8]) — ענער — ענדל, צאָן [8]) — צעינער — צעינדל, שפּאָן [8]) — שפּענער — שפּענדל, נאָנט [8]) — נענטער [9]); גאָרגל [10]); ראָם [3]); שעדלאַך [3]); גיוועזן [3]); עסט [11]); זאַלצמעסטל; נעמין (אין בײַדע טײַטשען [12])); רעידן (איך רעיד, דו רעדסט, ער רעט), רעיד (הי"וו [12]). —

אין טשעריקאָוו: קראָם [4]); קאַרעלן [5]); צעהען (=10) [דער ה איז ניט צייכען פון לענג, נאָר אמתער הילכיקער (הגם שוואַכלעך-געהערטער) ספּיראַנט], צעהענטער; סעפּס, סעפּסעלי; פּאַרוואָגן [13]); פּלאַך [14]), האָן [8]) — הענדל, ספּאָן [8]) — ספּענדל; נאָהענט — נעהענטער [ה הערט זיך בולט (הגם ווייכליך), אַלס ספּיראַנט]; גיוועזן, גיוועזן; נעסט; סאָנליצקי [15]) (טרופּ — אַף מיטעלסטער זילב).

---

[1]) זעה אויבען ז"ז 247—218. — אין וואָלקאָווישקי: סטעינגי, לעינקען, קוועינקלען — אומבאַקאַנט; אין טשעריקאָוו און לומזע: לעינקען — אומבאַקאַנט. — [2]) ניט געצעלט. — [3]) אויך אין לומזע. — [4]) ניט געוועלב. — [5]) = קרעלן. — [6]) זעה די וואָקאַבלען אַף ז' 245. — פלעדערוויש — אומבאַקאַנט. — [7]) Огородъ. — [8]) אָ — קורץ. — [9]) קרעינדל — אומבאַקאַנט. — [10]) = קעיל (אויך אין טשעריקאָוו). — [11]) = נעסט. — [12]) אויך אין טשעריקאָוו. — [עיל, אַלס מאָס, — אומבאַקאַנט]. — [13]) ניט איינשלעפען. — העל, פלעדערוויש, יעריק — אומבאַקאַנט. — [14]) ניט מאָן (דאָס וואָרט איז דאָרט לגמרי אומבאַקאַנט. אינטערעסאַנט איז, אַז אין דעם שטעטל איז אויך אומבאַקאַנט דער מנהג צו מאַכען פאַר קינדער אַף שמחת-תורה פענדלעך). — [15]) פון פּוילישען solniczka.

אין לומזע: גלײך און שנעל[1]); געװעלב[2]); באָד, באָדל[3]), קקעלבל[4]); פלעדערוש; ג׳לעגר; יעדערער (אַלס סובסטאַנטיװ), יעדער (אַלס באַשטימונג); יערוק; גערטנדל; פאָן[5]) — פענדל, צאָן[5]) — ענדל, שפּאָן[5]) — שפּענדל, צאָן[5]) — צעין — צעינדל; נאָנט — נענטר; שלונג[6]); רעמל; װעגעלע — שטעגעלע[7]); גגיאַזױ; רעדן — רעיד. —

——— אין ריזשאַן[8]) (לומז. ג., מאַקוװ. א.) הערשט אַנ׳אױבער־גאַנגסמונדאַרט, װאָס שטײט אַף דער גרעניץ פֿון די פּױלישע, ליטװישע און דרום־רוסלענדישע מונדאַרטען. לױט די הױפּטסימנים, נאָך װעלכע מ׳טײלט אַלע ייִדישע מונדאַרטען (אין רוסלאַנד) אין די צע־געװיזענע דרײַ גענעראַלגרופּעס, דאַרף די ריזשאַנער מונדאַרט, אָבער, פֿאַררעכנט װערען צו די דרום־רוסלענדישע. בנוגע צו דער טעמע פֿון דעם נאָטיץ, באַלאַנגט זי צו דער ערשטער ד.־רוסל. גרופּע (זײ אױבען ז״ז 255—257).

צו דערדאָזיקער גרופּע געהערט אױך, אין דער הינזיכט, די מונדאַרט פֿון קריװאָזיר[9]) (פּודול. ג., באַלטער א.).

אָנמערקונג XLII. — אי אין ריזשאַן, אי אין קריװאָזיר (װי װײט עס איז ניט דער מהלך, װאָס פֿונאַנדערטײלט די צװײ שטעטלעך) באַגעגענען מיר די פֿאָלגענדיקע דערשײנונג, װאָס שטעלט־פֿאָר אַנ׳אױסנעם פֿון דעם כּלל, װעלכער גילט פֿאַר דער ערשטער ד.־רוסל. גרופּע: אין די מונדאַרטען פֿון די דאָזיקע צװײ שטעטלעך לײדט דער ר ניט פֿאַר זיך קײן לאַנגען ע (און קײן עי, אַלס זײַן דיפטונגירט געשטאַלט). צי אין אָפֿענער זילב, צי אין געשלאָסענער, האָבען ריזשאַן און קריװאָזיר פֿאַר ר — קורצען ע (אַזױ װי אין די ליטװישע מונדאַרטען) [הײסט עס: שטערן, פּערל[10]), שװערן,

---

[1]) דאָס ערשטע עפּעס, װי דאָס צװײטע. — [געצעלט — װײניק באַקאַנט]. —
[2]) זעלטען געברױכט. — [3]) אַלס נאָמען. יעדער מאַגאַזין, מעג ער זײַן װי גרױס, מעג ער פֿאַרנעמען אַ גאַנץ געמױערט הױז, הײסט באָד. — [4]) דער אָנהײבּק — לאַנג (װי פֿאַרטופּעלט). — [5]) אָ — קורץ און עטװאָס געשלאָסען. — [6]) = קעיל. —
[7]) נאָר צוזאַמען, אַלס רעדענספּאַרטליכער אױסדרוק. — [8]) רוסיש: Рожанъ. —
[9]) רוס. Кривое Озеро. — [10]) אין ריזשאַן: אַ פּאָסט פּערל = עטליכע שנירלעך פּערל.

קלערן [1], לערער, בער [2], טרער [3], שער, שווער, ער, דער, יער, פער [4], ערט [5], ווערט, שווערד [6], שטערט, קערט, ערשטער, ערנסט, א. א. וו.

אָנמערקונג XLIII. — אין ריזשאַן: אין עי (אין פלעידערוויש, רעיגן, פרעיגן א. א. וו.) דער ע—קוין. ס׳איז אלזו א קורצער דיפטונג. —

אָנמערקונג XLIV. — אין ריזשאַן: פעלט [7]; ביידל [8]; קראַם [9]; גילעיגר; יאָריק; שעפּסל; ערכן [10]; גאָרטן [11]—גאָרטנדל—גערטענער; עינק [12]; אָנדל; נאָנט — נעינטר; גאָרגל [13], גריב [14], גיוועין און גיוועיזן, גניאַזדי [15]), זאַלצמעיסטל; רעדן — רעיד. —

אין קריוויזיר: גלַך [16]; באַדל [17]; קל׳עיט; גיליגיר [18]; יעידיריר; גלעיזירניר; אַריק [19], דירצעילן; אויסלעיזיר; פרעילך; מעריר; רעיהיר [20] (דער ה—דיטליכער ספּיראַנט); סאָד—סעידל [21], גאָרכן [22] — גאָרטנדל [23]; קאָרט [23] — קווערטל [24]; טרינקין [25];

---

[1] אין ריזשאַן = טראַכטן; אין קריוויזיר נאָר אין מעכּנישער באַטײַטונג: אין די קאָנטורען פון אייער אַרבעטען „קלערערס", וואָס „קלערן" די אייער, ד. ה. פּרובירען-אויס זייער קוואַליטעט און סורטירען זיי גיך דעם. — [2] אין קריוויזיר: בּבער (דער ב לאַנג, ווי פאַרטופּעלט און זייער שווער צום אַרויסרעדען). — [3] אין קריוויזיר פאַרשפּרייטער: טרערן (אַלס סינגולאַר!). — [4] אין ריזשאַן: מערט. — [5] אין קריוויזיר: העֶרד. — [6] אין ריזשאַן: שוואַרט. — [7] מיט א דײַטליכען ט צום סוף. — [8] געצעלט — באַקאַנט נאָר פון הדר (אין קרעמעניץ — אויך). — [9] לעבען געוועלב. — [אין קרעמעניץ קראָם פאַרשפּרייטער פון געוועלב, און קל׳עיט — גוך פאַרשפּרייטער, מ׳זאָגט דורט: אַ שניטקראָם, אָבער „אַ קל׳ייט מיט צעלניק", „אַ קל׳ייטל מיט עכנוואַרק", „אַ קרעיטל מיט שניט-כחורה", „אַ ככלאַר מיט מעיל"]. — [10] ערן (= הערן) — וואַלטען. — [11] פון גרינוואַרג. — כאָד, סעידל (פון אויבכביימער). — [אויך אין קרעמעניץ אַזוי]. — [12] = ענג. — [לעינקין — אומבאַקאַנט אין ריזשאַן (אויך אין קרעמעניץ)]. — [13] = קעיל (אין קרעמעניץ געברויכט מען דאָס וואָרט קעילי: אויסשליסליך רעדענדיק פון אַ חזן). — [14] = הייל. — [15] = געכט. — [16] = שנעל. — [17] געצעלט באַקאַנט נאָר פון הדר (אין קרעמעניץ—אויך). — [18] דער ל אין דער זילב לי—מיט א נטיה צו קורצען ע. — [19] = יאָריק, יעריק. — [20] = עקבער (бур ВЪ). — [21] מיט פרוכטענביימער. — [22] מיט גרינוואַרק. — [23] דער אָ — קורין, דער ר — גיקוירבעלט. — [24] אין זייערע טײַטשען: a) קאָרט צום שפּילען; б) קוואַרט (באָקס). — [25] טקטיר. — [לעינקין — אומבאַקאַנט].

פֿאָן[1] — פֿעינדל, אָן[1] — אָנִיכל, צאָן[1] — צעינדִילִי; דער שלִינג[2]; לאָך (= הײל); העִיל[3]; סטעשקִי[4]; געִין, שטעִין, זעִין; רעִידן (איך רעד, דו רעדסט, ער רעט, מיר רעדן, איר רעט, זײ רעדן) — רעִיד (ה״ו). —

— אין אַ-שאָמער (דער טרופּ אַף דער ערשטער זילב) — ווִי אין וִינגעראָווִ [זײ אויבען ז״ז 259—261]. —

אויסנאַמען: 1) מעִר, עִר, דעִר, ווער, דעם (מיט קורצען עֶ); יעִדערער. — 2) פֿאַר נג, נק — עִי. — 3) רעִידן.

אין אַישומער הערט מען: שִׁפּעִלִי, קרִיטשמִי, גרִיט (וועש), גִירן, אָפּטרִיטן, זִילִיק.

מִיסטל איז דורט אַ מאָס: 4 מִיסטל זענען איין קורץ. אַ טיש-כלי אַף וואָלץ הײסט: זעלצערל.

אין אַישומער: „קלײנער גאָרטן, קלײנע קאָרט, קלײנע פֿאָן" (קײן אַנדער דעמינ. נישטאָ); נאָוונטער (קאָמפּאַר. צו נאָוונט), האָנכן (דעמינ. צו האָן); שפּאָן באַטײַט דעם אינסעקט Паукъ, שפּינער (מ״צ אָהן אײנצאָל) — אָפּגעפֿאַלעכץ פֿון הולץ, שפִינדל, עפּנדלאַך (דעמינ.). —

אין אַישומער: גִיך, בִּיידל, קלײט, פִיסט, גאָרגל, ראָם (דעמינ.: ראַמקִי), אִיר[5], סטעשקִי[4], קובלאָ[6] (טרופּ אַף אָ), קאַרעלן.

לאָשִיק פֿאַרשפּרײטער ווִי פִירדל.

העל, שטִירן (צ״וו МЪШать) — אומבאַקאַנט

— אין ווִישקאָוו (וואַרש. ג., פּולטוסק. א.) — ליגט ווִי אַף דער גרעניץ פֿון דעם פּוילישען, ליטווישען און דרום-רוסלענדישען געביטען — הערשט אַן איבערגאַנגסמונדאַרט, וואָס איז רײַך אין פֿאַרשִידענע דיאַלעקטאָלאָגישע אײגענאַרטיקײטען. אויך בנוגע צו דער טעמע פֿון אונזער נאָטיץ פֿאַרנעמט זי אַ באַזונדער אָרט, נישט לאָזענדיק זיך פּאַסען אין די ראַמען פֿון אײנער פֿון די אויבענבאַשריבענע מונדאַרטענגרופּעס, און פֿאָרשטעלענדיק אַן אויסעראָרדענטליכען אינטערעס פֿאַר דער יִדישער דיאַלעקטאָלאָגיע.

---

[1]) אָ — קורץ. — [2]) = קעיל. — [3]) = בוימעל. — עיל, אַלס מאָס, אומבאַקאַנט. — [4]) אויך אין קרעמעניץ פֿאַרשפּרײטער אַלס שטעיג. — [שעידליך — אומבאַקאַנט]. — [5]) אַנשטאָט די וועגנרווער: שנעל, געצעלט, געוועלב, לעדיק, קִיל, רִים, אִיטץ. — [6]) = נעסט. —

די ווישקאָווער מונדאַרט האָט:

I. — אין געשלאָסענער זילבע — קורצען ע [אין דעם-אייגענעם קרייז, ווי אַלע יידישע מונדאַרטען (אויסער די ליטווישע)]: — געלט, פעלט, פעל, וועלט, שעלטן, מעש, געוועלב[1]...

II. — אין אָפענער זילבע — אַי (אין דעמזעלביקען קרייז, ווי די ערשטע דרום-רוסלענדישע גרופּע — עי). — אַזוי:

1) לאַידיק, אַיזל, לאַיגן, אַיבּם, אַיוון, דערצאַילן, דראַיין, גאַיין, זאַיין, אָכלאַיזן, פראַילעך, אַייביק, אַידער, וואַיטיק, שנאַי[2]; — לאַיב, אַיל, קאַיט, באַיז, שאַין; איך צאַיל, די צאַילסט, ער צאַילט, איטץ צאַילט[3]; —

2) פלאַידערוויש, ראַיגן, פראַיגן, פלאַיגן, גילאַיגער, לאַידער, לאַיבּם, באַיזים, שאַימין, יאַידערער, גלאַיזער[4], גלאַיזערן, אַנשלאַיפן[2]; — קראַינדל, גאַינטער (קומפּאַראַט. צו נאָינט)[5]; — ראַים, זאַיג, קקאַיז; איך לאַיב, די לאַיבסט, ער לאַיבט, איטץ לאַיבט[3]; שפּאַיט[3], מאַיל, מאַיסטל, (זאַלצמאַיסטל)[6]; —

3) פאַינדל, שפּאַינער, שפּאַינדל, צאַינדל, צאַין[7]; —

4) באַיטן, שטאַיטל[2], באַיטלער[6]. —

מיט דעם אַ גיב איך איבער דעם ווישקאָווער לויט, וואָס אַנטשפּרעכט אינגאַנצען דעם יונגערן אומלויט[8] פון דייטשישען a.

---

[1]) א. א. ה., ווי אױ ז׳ 245 און אױ די ז״ז 252 — 200. — נאָר: געשווינט (שנעל, גיך—אומבאַקאַנט), געצעלט, העל—אומבאַקאַנט; באָדל — פורל מיט א בויד. — [2]) ווי אויבען ז׳ 245. — [3]) ווי אויבען ז׳ 250. — [4]) מ״צ צו גלאָז. — [5]) ווי אויבען ז׳ 240. — [6]) ווי אויבען ז׳ 251. — [7]) ווי אויבען ז׳ 248. —

[8]) „Deutsche Grammatik—Gotisch, Alt-, Mittel- und Neuhochdeutsch". — Von W. Wilmanns.—Erste Abteilung. Lautlehre.—Zweite Auflage. Strassburg. 1897. — s. 157

דער ווישקאָווער ä ווערט אויסגעשפּראָכען אַזוי: אַלס אָנהייב פון דעם וואָקאַל פאַרנעמט דאָס אויער — e, אַלס אויסלאָז — a. ס'איז דער אָפּענסטער פון אַלע ע-לויטען אין די יידישע מונדאַרטען.

גאָר אַמאָפּענסטען, קלינגענדיק כמעט לגמרי ווי a, איז ער אין דער גרופּע ביישפּילען, וועלכע איך האָב באַצייכענט מיט דער ציפער 1. אינלאַידיק, אַיזל א. אַ. וו. הערט זיך שיר נישט דער וואַרשעווער aj.

אין די ביישפּילען אונטער דער ציפער 2 איז דער אַ אויך גאָר אָפען, נאָר אַף אַ האָר וויטער פון a, ווי אין דער גרופּע 1.

אונטער דער ציפער 3 זענען געבראַכט די ווערטער, אין וועלכע דער אַ (מערסטענטיילס פאַר נד) איז קוים-קוים געשלאָסענער.

אין די ווערטער פון דער פערדער גרופּע איז ער (פאַר טנ און טל) נאָך געשלאָסענער (ס'הערט זיך אַ דייטליכער e, און דער a-נאָכקלאַנג איז שוין גאָר שוואַך), אָבער אַלץ נאָך זייער אָפען.

═══ אין די ווערטער: נעיל, קעיליי[1], גיוועין, ניוועיזן, איז דער ע פאָלקאָם געשלאָסען, אָבער לאַנג.

═══ פאַר ר האָט די ווישקאָווער מונדאַרט, אין אָפענער זילב ווי אין געשלאָסענער, קורצען ע. — אַזוי: שטערן, פערל, שוועֶרן, יעריק, קלערן, לערער, ערן, בער, טרער, מערער, רער, שערל, שווער, ער, דער, ווער, פערד, ערט, גערטל, ערלעך, ערשטער, בערשטל א. אַ. וו.

דער ווישקאָווער קורצער ע איז לענגליכער פון ליטווישען און עטוואָס אָפענער נאָך פון אים. — פאַר ר איז ער קוים-קוים ווייכליך, נישט אַזוי שאַרף און נישט אַזוי טיף, — מ'וואָלט קענען זאָגען: נאָך אַביסעל אויסגעצויגענער[2]. למשל, דער ע אין פּערד הייבט זיך אָן הייכער, לענגער, ווי דער ע אין פעלד. —

═══ פאַר נג, נק האָט די ווישקאָווער מונדאַרט עי (דער ע — קורץ און טיף). — אַזוי: עינק, עינגין א. אַ. וו.[3]

אָנמערקונג. — אין ווישקוו: ענדל [דעמינוט. צו אָין (═האָן)]; — שעפּס[4]; — גניאַזדי[5]. — אָכן (═הורכן) מער געברויכט, אַלס ערן (═הערן). —

---

[1]) דעי וואָקאַל געברויכט נאָר אין אויסדרוק: „די ליינקי קעיליי". — אַלס נורם: גאָרגל. — [2]) גענויער: ליגט ווי צווישען קורץ און לאַנג. — [3]) לעינגסט און לעינקען — אומבאַקאַנט. — [4]) נישט שאָף. — [5]) נישט נעסט. —

[צולאָגן]. — אין דער סאַטירע: „דער עולם התחתון אָדער דער פּוי־לישער בר מינן, פֿון מאַני דלוגאַטש („אויס אלט קאנסטאנ־טין") [1], באַגעגענען מיר אַזעלכע ווערטער:

גיווינען [2] (= געווען), פּאַקענטריגער [3], גירשטען [4], פּאַמי־ליען [5], געדירעט [6], גדירים [7], גיזונעט [8], בינטלער [9], ריבע־דינגי [10], פּריגי [11] (= פֿלעגן), קליבען [12] (= קלעבען), ביטען [13], גיבּרינגעלט [14], שטימל [15], גירען [16], גילע [17], פּירער [18], פּלירער מויז [19], איבער געקירטע [20], היקילעך [21], ריבער [22] (= לעפֿער), און ווייטער: שפּירא [23] (= שמעי).

כ׳קומען־פֿאַר אויך: אקוגן [24] (= אַקעגן), ברומעם [25] (= ברעמען), ברונער [26], פּאַקענטרונגר [27].

דאָ האָט זיך, קענטיק, אַדורכגעריסען די מונדאַרט פֿון מחבר'ס געבורטסשטאָט מיט איר י׳ אַקעגען דעם ע׳ פֿון די פּוילישע מונד־אַרטען [צי איז דער י׳ דאָ לאַנג, צי קורץ, איז בלויז פֿון ביכעל, גענויערליך, שווער צו אָרטיילען].

אָנמערקונג XLVI. דער ו׳ אין „אקוגן" וכ׳ דרוקט דאָ אויס גיכט קיין ū (רוסיש: y), נאָר א׳. אין דעם ביכעל טרעפֿען זיך אויך: בלונד, בלונדרינגש, אונדערסען, פּאַקונטרינגער, גונער, לונגם, מו־טען, קושקע, קונר, קונדערשע, דוקע [28] וכ׳. (= בלינד, בלינ־דעניש, אינדערען, פּאַקענטריגער, גינער, לינגם, מיטען, קישקע, קינד, קינדערשע, דיקע). —

אין דלוגאַטשס ביכעל איז דער ו׳ אָנשטאָט י׳ בלויז אַ׳אויסנאַם. פֿאַרגן, אויבער, דרובקרינשען, ווייס פֿאַרוועגרען, אָף אויסגעדרוקען דעם י־לויט, —

---

1) ווארשע 1875. — 2) אויף די זייט 14, 16, 30, 32 (3 מאָל), 36, 40, 96, 97 (2 מאָל), 104, 106. — 3) אויף די זייט 61 (2 מאָל), 63, 64 (4 מאָל), 65 (6 מאָל), 66 (4 מאָל), 67, 68 (4 מאָל), 69 (5 מאָל), 70 (6 מאָל). — 4) זייט 66 (2 מאָל), 111 (3 מאָל), 112, 115 (2 מאָל). — 5) זייט 25, 75, 84, 103, 116 (2 מאָל), 153. — 6) ז' 21. — 7) ז' 128. — 8) זייט 16, 115. — 9) זייט 12, 23. — 10) זייט 13, 30. — 11) זייט 43, 44. — 12) זייט 153, 154. — 13) זייט 43, 93, 103, 133. — 14) ז' 28. — 15) זייט 29, 30, 138. — 16) ז' 19. — 17) ז' 65. — 18) ז' 139. — 19) ז' 129. — 20) ז' 84. — 21) ז' 95. — 22) ז' 100. — 23) ז' 100 (2 מאָל). — 24) ז' 62. — 25) ז' 93. — 26) ז' 73. — 27) ז' 65. — 28) זייט 23, 73, 49, 67 (און 68), 71 (און 72), 70, 71, 103, 111, 88, 85

דיעם אות ו' מאַפּעגוייס, אַרויסלוזענדיק בּיִפּער, וואָס זעגען פאַרפּלייצט מיט אזעל־כע גישט ריכטיק געבּרויכטע מלאפום'ס. — אוט, למשל, אין „ספר קהל חסידים עם ספורי אנשי שם", איבּערגעדרוקט „אין לעמבּערג, בשנת תרע"א לפ"ק ברפוס של הר"ר דוד באלאבאן ז"ל", זעט די אורטאָ־גראַפיע אזוי אויס: „וויל ער הט גוויסט אז דיא רייד פון רמב"ן איז ריכטיג ביז וואנין ער איז אַנשלאַפן גוורין זוצענדיג אוף דעם שופּול אונ דם שיפּול איז קומן צו דעם בּאַרט אין זו איז אַרום אוף דר יבשה אין דער איגינור שטאַט פון וואנין ער איז גוועזן אוז דם שופּיל גגנגן אוף דר יבשה אזו ווי אוף דעם ים וויל דר שופּיר הט גשלאַפן און הט נוט אַפּ גריסן דם קוויטול מוט דעם שם ועגן וויער פול מענשין צו זאמן גלאָפין זעהן ווי אשופּיל רוקט זוך אוף דיא ערד ווי אפיל פין פויגן אונ אמענש זוצט דרינן אונ שלאָפט"...

[אויסבּעסערונג]. — אין די אָנמערקונגען אונטערן טעקסט, אף די ז"ז 242 און 243 הוט זיך אַריינגעגנבעט אַ פּאַרדרוסיקע גישטגעוויקייט אין דער טערמינולוגיע. אָנ־שטאַט: „געשלוסענער ë", „געשלוסענער e...ä..."[1]) א. א. וו.; „אופענער ë", „אופענער e...ä..., א. אַ. וו.", — דאַרף דורט בסדר זיין: „ë (און e, ä א. א. וו.) אין געשלאָסענער זילבּ"; „ë (און e, a...) אין אופענער זילבּ". — אויך אף ז' 244, אין טעקסט, שורה 10 פון אויבּען, דאַרף, אָנשטאַט: „פון געשלו־סענעם a", — זיין: „פון a אין געשלוסענער זילבּ". —

---

[1]) זול דאָ אויך אָנגעמערקט ווערען (צו די ז"ז 242, 243 און וויטער): ë גיט דורט איבּער דעם אלטען אינדוגערמאַנישען e (זיי: ווילמאַנס l. c. ז' 230); e — דעם עלטערן אומלויט פון a [דערשיינט פּעסט צווישען 8־טען און 9־טען יאָרהונדערט (ווילמאַנס, ז' 249)], ä — דעם יונגערען אומלויט פון a. —

טאַבעלע III.

| | אין געשלאָסענער זילב | אין אָפענער זילב | |
| --- | --- | --- | --- |
| אין די ליטווישע מונדאַרטען | עֶ [1] | | עֶ̄י (עֶ̄) |
| אין די פּוילישע מונדאַרטען | עֶ | עֶ̄י | אַ̄י |
| אין די דרום-רוסלענדישע I | | עֶ̄י, [עֶי [2]] | |
| II „ „ „ „ | | ? | עֶ̄י |
| III „ „ „ „ | | י | |

טאַבעלע IV.

| אין לשון-קודש | אין געשלאָסענער זילב: סגול | אין געשלאָסענער זילב: צירה | אין אָפענער זילב: סגול | אין אָפענער זילב: צירה |
| --- | --- | --- | --- | --- |
| אין די ליטווישע מונדאַרטען | עֶ | | עֶ און עֶ̄י [3] | עֶ̄י |
| אין די פּוילישע מונדאַרטען | | | עֶ̄י און אַ̄י [4] | אַ̄י |
| אין די דרום-רוסלענדישע I | | | עֶ̄י | |
| II „ „ „ „ | | | ? און עֶ̄י [4] | עֶ̄י |
| III „ „ „ „ | | | : | |

[1] עֶ אָהן אַ שום ציַיכען — קורץ. — [2] למשל, אין קריוווזיר. —
[3] אַלס „אויסנעם“. — [4] אַלס „אויסנעם“ (פּאַראַלעליש צום ליטווישען „אויסנעם“).

## דריטער נאָטיץ

אַקעגען דעם מה"ד קורצען a פון הויכבאַטאָנטער זילב האָט איטליכע יִדישע מונדאַרט צוויי און מער פאַרשידענע וואָקאַלען (נאַטירליך, אויך אין הויפטאָניקער זילב).

דער אונטערשיד צווישען דידאָזיקע וואָקאַלען (אינווייניק אין איטליכער מונדאַרט) איז אַ קוואַליטאַטיווער[1], אַמאָל אויך — אַ קוואַנטיטאַטיווער[2].

אין צוויי הויפטדערשיינונגען קען מען גרופירען די וואָקאַלען, וואָס שטייען אין איטליכער יִדישער מונדאַרט אַקעגען דעם מה"ד a. מיר וועלען זיי אָנרופען: A און B.

עס עקזיסטירט, אין דער הינזיכט, אין אונזערע מונדאַרטען אַ פעסטער פּאַראַלעליזם: די A אין אַלע בילדען איין געביט, די B — אַ צווייטס. די גרעניץ צווישען די צוויי געביטען קען כאַראַקטעריזירט ווערען אַלס אונטערשיד צווישען געשלאָסענער און אָפענער זילב. די געשלאָסענע זילב געהערט דער דערשיינונג A; אין דער אָפענער — הערשט די דערשיינונג B. — ס'איז, הייסט עס, כמעט אינגאַנצען די-אייגענע גרעניץ, ווי צווישען קורצען ע און לאַנגען (אָדער זיינע פאַרטרעטער) אין די יִדישע מונדאַרטען (אויסער די ליטווישע)[3]. —

אַזויווי די גרעניץ צווישען ע און ע̄ (אודער זיינע פאַרטרעטער) איז נישט קיין גלייכע, אַזוי גייט אויך די גרעניץ צווישען A און B ווי אַ זיגזאַג: A פאַרכאַפּט אַ שטיק געביט פון דער אָפענער זילב, B — פון דער געשלאָסענער.

די געזעצמעסיקייט פון די דערשיינונגען ליידט, אָבער, דערפון ווייניק, מחמת אויך די „אויסנעמען" לאָזען זיך פאַסען אין געווּיסע כללים, און האָבען זייער דערקלערונג אין דעם עבר פון דער שפּראַך, אין טיפע אַלגעמיינע פּראָצעסען אין דער אַנטוויקלונג פון איר פאָנעטיק.

---

[1]) ד. ה. אין דער טונפאַרב. — [2]) אין ענין קורץ און לאַנג. — [3]) זיי אויבען ז"ז 245—255 און ווייטער.

[די ליטווישע מונדארטען]. — זיי האָבען אַקעגען דעם מה"ד a:

A) אין געשלאָסענער זילבּ — אַ [קורצען a];

B) אין אָפענער זילבּ — אָ [קורצען o (אופענעם, שארפען)].

צום ביישפּיל [1]): נאַכט, גאַסט, האַלטן, טאַנצן [2]), האַנט, וואַנט, קאַלבּ, קאַלט [3]), באַנד, מאַנטל [4]), אַלט [5]), לאַנד [6]), בלאַט [7]), אַרבעס, מאַרק, גאַל, שטאַרק, קאַסטן, פאַסטן, שאַנד, באַר (געלט), דאַר, קאַרג, וואַלד, גאַס, נאַס, גלאַט, באַלד, אַנדער [8]) א. אַ. וו.

און: נאָמען, האָבער, פאָדעם, וואָגן, נאָגן, קלאָגן, זאָגן, טראָגן, יאָגן, שלאָגן, האָבּם, אָרעם, שאָטן, פאָרן, מאָגן, דערמאָנען, שפּאָרן, פלאָדן, שאָדן, גראָבּם, מאָגער, שאָלעכץ, צאָלן, שנאָבּל, לאָדן [9]), קאָטער, פאָטער, טאָטער, טאָוול [10]), א. אַ. וו. —

אַלס אויסנאַם, האָבען די ליטווישע מונדאַרטען קורצען „אָ" אין אָפענער זילבּ: a) פאַר בּ, פּ, צ, ק, ש, וואָס אַנטשפּרעכען

[1]) די ביישפּילען זענען געבראַכט אין דער ליטעראַרישער אויסלייגונג, וויל זיי געהערען דעם גאַנצען ליטווישען דיאַלעקט. — [2]) די מה"ד ווקאַבלען — אויבען ז' 229. — [3]) די מה"ד ווערטער — אויבען ז' 245. — [4]) די מה"ד ווערטער — אויבען ז' 249. — [5]) דאָס מה"ד וורט — אויב' ז' 242. — [6]) מה"ד וורט — אויב' ז' 248. — [7]) מה"ד וורט — אויב' ז' 253. — [8]) מה"ד areweiz (arwîs, arwîz), market (markt), galle, starc, kaste, vasten, schande, bar, darre (derre), karge (kerge), walt, gażże, naż, glat, balt, ander [לעקסער 8, 156, 59, 245, 120, 312, 210, 11, 33, 122, 365, 60, 174, 82, 5,10]. — [9]) ה"ו: פענסטערפארשטעלונג (ставень); צ"ו: ארופלייגען משא [לאַדנעווען (ליפשיץ' 111)]. — [10]) מה"ד name (nam), haber (habere), vadem (vaden), wagen, nagen, klagen, sagen, tragen, jagen, slagen, haben, arm (arn) [מיט ווילבענבילדעניקען m (n)?], schate (schete), varn (varen), mage (magen), manen, sparn, vlade, schaden, graben, schale (schal, schâl, schâle), mager (meger), zaln (zalen), snabel, lade (laden), kater (katere), vater, Tater, tavele (tavel) [לעקסער ז"ז 174, 88, 310, 364, 173, 125, 205, 270, 145, 231, 88, 8, 211, 312, 153, 155, 239, 344, 209, 13, 153, 209, 225, 235, 139, 120, 312, 265]. —

די מה"ד ch, pf, z, ck, sch; — b) פאר א קאנסאנאנט, וואס אין דעם אנטשפרעכענדיקן מה"ד ווארט געווען לאנג[1], אדער וואס איז אין דעם אנטשפרעכענדיקן נה"ד ווארט לאנג (הגם אין מה"ד איז ער געווען קורץ); — c) אין צווייזילביקע ווערטער, וואס זענען אנטשטאנען פון מיטעלהויכדייטשישע איינזילביקע דורך דעם, וואס פון די צוויי שלוסקאנסאנאנטן האט זיך געבילדעט א זילבע (דער לעצטער שלוסקונסונאנט איז געווארן זילבנבילדענדיק, אודער צווישען די צוויי שלוסקונסונאנטען הוט זיך אנטוויקעלט אן אזויגערופענער svarabhakti-ווקאל).—

אזוי: a) לאכן, מאכן[2], צאפם[3], פלאצן, שאצן[4], קראצן[5], באקן, האקן, קנאקן, נאקעט[6], וואשן, נאשן[7]; — b) פאלן[8], קאמען[9], וואסער, נאסער[10], שאפן[11], דארן[12], הארן, שארן, שפארן[13], קוואטער, קוואטערין[14]; — c) ווארעם[15], ליארעם[16], קאלך[17], גארן[18]. —

---

[1] גראפיש אויסגעדריקט: פארטופעלט. — [2] מה"ד lachen, machen (לעקסער 139, 153). — [3] מה"ד zapfen (zepfen), לעק' 397]. — [4] טעקסירען. — שעצן = שטמען. — [5] מה"ד blatzen (platzen), schatzen, kratzen (kretzen), לעקסער 25, 211, 132]. — [6] מה"ד bachen, hacken, knacken, nacket לעקס' 10, 88, 128, 173]. — [7] מה"ד waschen (weschen), naschen (neschen) לעקס' 369, 174]. — [8] מה"ד vallen לעקס' 311]. — [9] מ"צ צו kamme (אויבען ז' 253). — [10] ważżer, nażżer לעקס' 363, 174]. — [11] schaffen (לעקס' 209). — [12] פון darre. — [13] harren (ווארטען), scharren, sparren לעקס' 92, 211, 239]. — [14] נה"ד gevatter, gevatterin = מה"ד ge-vatere, ge-vater (לעקס' 77). — [15] מה"ד warm, warme (לעקס' 368). דער m איז דא נישט זילבענבילדענדיק, נאר שטייט אין קונסונאנטישער רולע. — אין יידישען ווארעם וואלט מען קענען אננעמען: a) דער מ איז זילבענבילדענדיק, און דער ע, אייגענטליך, איבעריק (הוט דא נאר גראפישע נאטור); b) דער ע איז א סווארבהאקטיוואקאל, דער מ, אלזו, קונסונאנטיש. — נאר מחמת די יידישע שפראך ווייסט נישט פון קיין זילבענבילדענדיקען מ, איז אפשר ריכטיקער זיך אפצושטעלען אף דער צווייטער מיינונג. — [16] מה"ד lerman; פראנצייזיש: alarme. — אין ליארעם — דער מ קונסונאנטיש, דער ע — סווארבהאקטיוואקאל. — [17] מה"ד kalc (לעק' 118). — נישט אין אלע ליטווישע מונדארטען הוט דער וואקאל דאס געשטאלט. אין ווילנא, למשל, זאגט מען: קאלך. — [18] מיט זילבענבילדענדיקען נ (מה"ה garn (לעק' 60), מיט קונסונאנטישען שלוס-ן). — גארן (נישט איבעראל באקאנט) = פארעם

אָנמערקונג I. -- ווי מיר זייען, קען מען די דריי אָנגעוויזענע גרופּעס „אויסנאַמען" פאַראַלגעמיינערן אין איין פאָרמעל: **קורצער a שטייט אין אָפענער זילב דאַן, ווען אין מה״ד איז די זילב געווען געשלאָסען.** יעצט איז זי טאַקי אָפען, אָבער דער גייסט פון דער יידישער שפּראַך געדיינקט דעם אַלטען צושטאַנד און פּאַסט וויטער אויף די זילב אַלס געשלאָסענע [1].

טיפערע און גענויערע פאָרשונגען אַפ׳ן געביט פון דער יידישער פאָנעטיק וועלען אפשר נאָך ברייַנגען צו דער איבערצייגונג, אַז דאָ הובען מיר פאַר זיך נישט בלויז פאָנעטישען קאָנסערוואַטיזם, נאָר אַז געוויסע יידישע קאָנסאָנאַנטען דאַרפען אויסגעטיילט ווערען פון דער אַלגעמיינער שורה אין קוואַנטיטאַטיווער הינזיכט, דהיינו—צוליב דער ספּעציעלישער פראַגע מכח זייער לענג, וואָס איז אַנדערש, ווי בייַ די איבעריקע קאָנסאָנאַנטען; וועגען די איבעריקע, ווידער, וועט פיליכט פעסט-געשטעלט ווערען, אַז אין געוויסע סיטואַציעס זענען זיי לענגער ווי געוויינטליך, הגם די יידישע אויסלייגונג האָט פאַרוואָרפען דעם געברויך פון טאָפּעלקאָנסאָנאַנטען,— און דערמיט וועט נאָר אַן׳אַנדער ליכט פאַלען אויך אַף די אויבענגעבראַכטע אויס-נאַמען, ווי אויך אַף אַנדערע דערשיינונגען פון יידישען וואָקאַליזם. —

אַקעגענזייטיג, זייען מיר אין די ליטווישע מונדאַרטען קורצען אָ אַלס אויסנאַם, אין געשלאָסענער זילב: a) פאַר ג, ל, ר און פאַר די צאַנלויטען (אויסער דעם אַפריקאַט צ) [אַלע וואָרט-אויס זיין אייַנזילביקע ווערטער; דערבייַ בתנאי, אַז אין אַנטשפּרעכענדיקען מה״ד (אָדער זאָגאַר נה״ד) וואָקאַבעל זענען די דערמאַנטע שלוסלויטען קורץ[2])]; — b) פאַר רד, רט, רוו; — c) אין אַ זילב, וואָס איז אין אַנטשפּרעכענדיקען מה״ד וואָרט געוועזען אָפען; — d) נאָך אַנאַלאָגיע [אין אויספירפאָרמען (מיט געשלאָסענער זילב) אַקעגען דער הויפּטפאָרם (מיט אָפענער זילב) פון דער-אייגענער פאַראַדיגמע]. —

ווי למשל: a) טאָג, צאָל, שמאָל, טאָר, גאָר, ראָד, שטאָט, גלאָז, נאָז, דאָס, וואָס, צאָן, אָן, האָן, פאָן[3]. — b) באָרד, קאָרט, גאָרטן,

---

[1]) דאָס לוזט זיך זאָגען אויך וועגען די אויסנאַמען B אין צווייטען ניטיין (אויבען אַף די ז״ז 251 — 255). — [2]) ד. ה. נישט פאַרטופּעלט. — [3]) מה״ד tac, zal (za|e), smal, tar, (פרעזענס צו turren), gar (gare), rat, stat, glas, nase, daż, waż, zan, an (ane), hane, vane, [לעקסער 263, 396, 234, 276, 60, 192, 245, 82, 174, 34, 374, 397, 5, 97, 315]. — אויבער בױ, קאָן [מה״ד kanne. wanne, (ווי אויבען ז׳ 249)], מאָן [מה״ד man—

באָרוועס[1]). — c) אָפּ-, האָב, באָד[2]). — d) איך יאָג — דו יאָקסט — ער יאָקט — איר יאָקט (פרעז'), יאָג — יאָקט (אימפעראַט'), אַ יאָג (ה"וו) — נאָך יאָגן, וכו'. —

אָנמערקונג II. — אין וואָלקאָווישקי, אין פּולונקע: בראַפּן — לויט סכעמע [נה"ד branntwein; מה"ד gebranter wîn[3])]; אין לומזע: בראָפּן — אויסער סכעמע[4]).

אָנמערקונג III. — אין שטאַרק באַטאָנטע אויסרופען ווערט דער אַ אויסגעצויגען צו אַ, און גאָר ביז אַאַ און אַאַאַ.... — מ'זאָגט: „נאַר"[5]), אובער: „נאַארעניו!" — „נאַאַר איינער!" (ווען מ'וויל אָנרייצען, וואָס איז זייער אויפגערעגט, אודער פאַרעקשנט, באַרוגען, אודער איבערעדען מיט גוטע ווערטער און מיט פאַמיליערישער צערטליכקייט). — „גיוואַלט"[6]), אובער: „גיוואַאַלט גישריגן!" — און: „גיוואַאַאַלט!" — זוגאַר: „גיוואַאַאַאַ.....לט!" (ווען מ'רופט צו הילף[7]). —

אָנמערקונג IV. — די סכעמע אַ — אָ אַקעגען מה"ד a באַלאַנגט צו די פונדאַמענטאַלע דערשיינונגען פון גאַנצען ליטווישען דיאַלעקט, פאָרשטעלענדיק איינעם פון די קאַרדינאַלישסטע קענצייכענס זיינע, וואָס אונטערשיידען אים פון די איבעריקע יידישע דיאַלעקטען. אַלץ, וואָס איז געזאָגט אין דעם נאָטיץ ביז איצט, גילט אַלזו, פאַר אַלע ליטווישע מונדאַרטען. פיליכט וועלען איניקע פון זיי אָפּ'ן געביט פון אונזער טעמע געווינסע אָפּווייכונגען מכח איינצעלנע וואָקאַבלען, דאַרף דאָס ערשט נאָכגעפאָרשט ווערען. איך פערזענליך האָב געהאַט די מעגליכקייט אָנגענוימען צו באָאָבאַכטען, וואָס שייך צום אינהאַלט פון דעם עטיוד, די מונדאַרטען פון די שטעדט טשעריקאָוו, כיסלאַוויץ, סקידעל, וואָלקאָווישקי, לומזע[8]).

---

mannes (לעק' 156)], פאַל [מה"ד val — valles (לעק' 310)], זאַט [מה"ד sat (לעק' 208), נאָך נה"ד satt].

[1]) מה"ד bart, karte, garte, bar-vuož [לעק' 11, 120, 60, 11]. — אובער: באַר (קעגען כלל!) [זיי אויבען ז' 278]. — [2]) מה"ד abe (ab, ap), habe, bade (פאַרמעגען) [לעק' 1, 88, 10]. — און פון די פריערדיקע ביישפּילען: צאָל, גאָר, נאָז, אָן, האָן, פאָן. — [3]) לעקסער 386. — [4]) גערזון (ז' 33) ברענגט אויס הומעל: בראָנפּען (איך צווייפעל, די פורם זול זיין ריכטיק. די ליטווישע מונדאַרטען האָבען אין דער ערשטער זילב פון דעם וואָקאַבל ניט קאָנסאָנאַנטישען נאַזאַל, נאָר טיפּישען נאַזאַלירטען וואָקאַל). — [5]) מה"ד narre (לעקסער 174). — [6]) מה"ד ge-walt (לעקסער 78). — [7]) זיי אויך גערזון ז' 21. — [8]) וועגען דער הומלער מונדאַרט זיי גערזון 20. —

אָנמערקונג V. — אין אײניקע ליטװישע מונדאַרטען װערט דער קורצער **a** פאַר נג, נק געבראָכען אין אַ קורצען דיפטונג אַי (aj).

אין װיטעבסק, פּאָלאָצק (װיטעבסק. ג.); אין ראָהאַטשעװ [1], ליאַדי [2], ביסלאַװיץ, טשעריקאָװ (אַלע מאָליװ. ג.); אין ראַקאָװ (מינסק. ג.), אין פּאָ-לאָנקע (גװאַרדזיקער א. מינסק. ג.); אין קורלאַנד [3] הערען מיר: **אײַנגסט, לאַינג, דערלאַינגען, גאַינג** (איבערגאַינג, ניגאַינגען, דערגאַינגען, בינגאַינגען, אױענגאַינגען), **באַינק, דאַינק** (גידאַינק, דאַינקען), **טראַינקען** (= גיטראַינקען) א. אַ. װ.

אױך: **יאַינקיװ** [4] (אין טשעריקאָװ), **יאַינקיװ** (אין פּאָלאָנקע), **יאַינקל** (אין לומזע, אין פּאָלאָנקע).

אָנמערקונג VI.—װעגען **אָ** אין דער לומזער מונדאַרט דאַרף אָנגעמערקט װע-רען, אַז ער איז קורץ, אָבער לענגער [5]) פון אַלגעמײן-ליטװישען קורצען **אָ**. מ'קען װעגען אים זאָגען: ער איז דער לענגסטער פון אַלע קורצע **אָ**. אָדער, אַנדערש אױסגעדריקט: ס'איז אַ **אָ**, װאָס האָט שױן אױפגעהערט צו זײַן קורץ און איז נאָך נישט געװאָרען לאַנג.

אָנמערקונג VII. — **דער לשון-קודשדיקער קורצער a** (דער **פתח**) פאַרבלײַבט אין די ליטװישע מונדאַרטען אָהן ענדערונג. — אַלס אױסנאַם: **באַלעבאָס** (= בעל-הבית) [6].

אָנמערקונג VIII.— **דער סלאַװישער a** פאַרבלײַבט אין די ליט-װישע מונדאַרטען אָהן ענדערונג. בלױז אין די אַלט-אײַנגעבירגערטע לגמרי פאַריידישטע װאָקאַבלען גײט ער אַמאָל איבער אין קורצען o.— אַזױ: **סאָד**. — (רוסיש: садъ; פּױליש: sad).—

---

[די מיררישע מונדאַרטען].—אין די דערשײַנונגען, װאָס אַנטשפּרעכען דעם מה"ד קורצען a, שטימען זײ אײַנגאַנצען מיט די ליטװישע מונ-דאַרטען, װײַזענדיק: A) קורצען אַ, און B) קורצען **אָ**, אין די-זעלביקע גרענעצען, װי אױבען (זעה די ז"ז 278—281) אָנגעצײכענט.—

---

[1]) זײ „מיט". 1912, 125—133; 1913, 19—21. — [2]) „אַם אור-קװעלל" III. 339. — [3]) „מיט". 1910, 143. — [4]) = יעקב. — [5]) אָפען, אָבער נישט אַזױ שאַרף. — [6]) זײ „אידיש װערטער-בוך"... פון ד"ר חיים ספּיװאַק און יהואש (ש. בלומגאַרטען). — ניו-יאָרק. — ז' 35. —

אין די שוין דערמאַנטע פולקלוריסטישע מאַטעריאַלען [1] אויס מ י ר ע ן געפינען מיר:

A) טאַנצן, קאַלט, אַלט, אַנדער, לאַבן, מאַכן, פלאַטץ [2], פאַללן, נאַרר (מ״צ: נאַררן), לאַנג, בלאַנק [3], באַק [2], פּאַקן [4], כאַפּפּן [5], וואַקסן [6], באַן [7], וואַנצן [8], קאַררן [9], קאַשטן [10], א. אַ. וו. —

B) וואָג, זאָגן, טראָגן, יאָגן, שפּאָן, טאָר, דאָס, וואָס.

אַנמערקונג IX.—אין מירען: אָה (== און), — דער אָ לאַנג נאָך דעם אָפּפאַלען פון שלוס־נ. —

אַנמערקונג X. — העברעישע וואָקאַבלען: מאַמזער, שאַבבעס, וואַדע [11] א. אַ. וו. — און, אַלס אויסנעם: באַלבאָס. —

אַנמערקונג XI.—אין דער נייהויכדייטשישער שריפטשפּראַך און אין די יעצטיקע דייטשישע מונדאַרטען, אויסגענומען די הויכאַלעמאַנישע, ווערט דער מה״ד קורצער a אין אָפענער זילב [ווי אויך אין געשלאָסענער — פאַר מ, נ און ר בסוף־וואָרט, און פאַר ר מיט דענטאַל (ה, ט, ז, ס, ש, צ)], פאַרברייטערט אין â. — אַזוי:

Hāfen, lāden, schlāgen, trāgen, mahlen, fahren; Grām, Schām, lahm, zahm; Bahn, Hahn, Zahn, Schwān; dār, Ārt, Bārt, Fahrt, zārt, Schārte, Schwārte, Hārz, Quārz, Ārsch, Bārsch [12]. —

---

[1] „דער אורקוועלל״ I 119—121 [הגם די שפּריכווערטער זענען געזאַמעלט אין מ י ר ע ן, ב י מ ע ן און אונגאַרן, אובער די דיאַלעקטולוגישע אייגענטימליכקייטען פון דער שפּראַך דאַרפען, ווי ס׳זייט־אויס, פאַרעכענט ווערען בלויז אַפ׳ן חשבון פון די מ י ר י ש ע מונדאַרטען, וועלכע עדוואַרד ק ו ל ק ע הוט אַמבעסטען געקענט], 271 — 272, 83 (דרום־מירען). — [2]) זיי אויבען ז׳ 252. — [3]) מה״ד lanc (געניט. langes), blanc [לעקסער 139, 25]. — [4]) מה״ד ge-pak (לעק׳ 69) [נה״ד packen]. — [5]) לאַטייניש capio. — [6]) מה״ד wahsen (לעק׳ 364). — [7]) מה״ד ban, bane (לעק׳ 10) ? — [8]) מה״ד wanze (לעק׳ 368). — [9]) מה״ד karre (לעק׳ 120). — [10]) מה״ד kestene, kesten, kastânea (לעק׳ 122). — [11]) מַמְזֵר, שַׁבָּת, וַדָּאִי. — [12]) זיי ווילמאַנס, l. c., ז״ז 241, 243, 246, 247. — זיי אויך אויבען ז״ז 243, 247. —

איייניקע דייטשישע מונדארטען, וויזען, אובער, ווי די יידישע אין ליטע און מיירען, אקעגען דעם מה"ד קורצען a אין אופענער זילב — קורצען o. למשל, אין מעלן הערען מיר: שלוגן, טרוגן[2]. — [=ליטוויש-מיירישען: drogen, schlogen[1]] —

[דרום-רוסלענדישע מונדארטען. I.] — אין ריזשאַן (מאקווו. א., לומז. ג.) עקזיסטירען אַקעגען מה"ד קורצען a:

A) אַ (קורצער a), — אין דעם-אייגענעם קרייז, ווי אין ליטווישען דיאַלעקט [אזוי: נאַכט, גאַסט, מאַנצן[3] ....];

B) אָ (קורצער u), — אין דעם-אייגענעם קרייז, ווי אין די ליטווישע מונדאַרטען — אָ̂ [אזוי: נאָמען, אָבער[4] ....]

אַנמערקונג XII.—אין ריזשאַן, אויסער דער סכעמע: באָ̂רוויס, בראָ̂לפן (ביידע מיט קורצען o).

אין אישאָ̂מער — ווי אין ריזשאַן.

אַנמערקונג XIII.—אין אישומער: פאַר גג, נק ווערט דער קורצער a געבראָכען אין קורצען דיפטונג אַי [ווי אויבען, ז' 282 אַנמ. V]. אויך: יאַינקיוו, יאַינקל.

אַנמערקונג XIV.—אין אישומער, אויסער סכעמע: באָרוויס.

[דרום-רוסלענד. מונדארטען. II.] —די וואָלינגערבאָ̂ווער ?-מונדאַרט האָט אַקעגען מה"ד a:

A) אַ (a); אָ̄ (â) [פאַר ר, אַקעגען ווערכען אין מה"ד rr]. —

אזוי: נאַכט, האַלטן, טאַנצן, א. א. וו.[5]; — באַר, דאַר, נאַר[6], אַרן (ווארטן), שאַרן, שפּאַרן, וואַרם, ליאַרם[7].

[1] "אם אור-קוועלל" V, 238. — [2] זיי ווענען דעם אויך די אַנמערקונג צום 226-טען פאראגראף בא ווילמאַנסן I, 288. — [3] א. א. וו. — די איינענע ביישפּילען, וואָס אויבען אַף ז' 278 און אַף ז' 278. — [4] א. א. וו. — די-איייגענע ביישפּילען, וואָס אויבען אַף ז' 278 און אַף ז' 279. — [5] ווי אַף ז' 278 און אַף ז' 280. — גאַסט — ווייניק געברויכט [דאָס הייסט שוין: "דייטשלשון"]; קאַם — קאַמען (בא טהאַן), קעמל—קעמלעך (צום קעמען זיך); גאַרן—אומבאַקאַנט אין וועגגרוו (דאָס איז אַ "וואַרשעווער וורט").—[6] דער ר—ווייכליך (ווי אין פּורגעפּיל פון ווקאַליזירונג).—
[7] דער שלום-ם אין ביידע ווערטער זילבענבילדענדיק דער (סונאַנטישער טייל ויינער: ?).—

אָנמערקונג XV. — זוגאר: מאַרק; אובער: אַרבים

B) אָ (û). — אַזוי: נאָמען, אָבער, פאָדים, א. אַ. וו.[1].

דער ווינגערישער קורצער a איז קוים-קוים לענגער פון ליטווישען. ער ליגט אַזוי ווי צווישען דעם פוילישען און ליטווישען קורצען a. ער איז דייטליך, פול, קלאָר, ווערט אַרויס-געריסען נישט-געכאַפּט.

דער ווינגערישער â איז לענגער פון קרעמענעצער לאַנגען a, נאָר קורצער פון פוילישען. ער איז ווייער ברייט, אָבער הערט זיך אַלס איינצעלנער וואָקאַל, נישט ווי דער פוילישער â, וואָס ווערט אויסגעשפּראָכען aa.

דאָסזעלביקע לאָזט זיך זאָגען פון ווינגערישער û, וואָס שטייט גאָר נאָנט צום קרעמענעצער, און איז קורצער פון פוילישען.

אָנמערקונג XVI. — אין ווינגערוווי: בראָמפן [2]; — דערמאַנין (מיט קורצען a; טעורעטיש ריכטיק וואָלט זיין מיט û).

אָנמערקונג XVII. — דער העברעישער קורצער a בלייבט אין דער ווינגערוווער מונדאַרט אָהן ענדערונג. — אַלס אויסנאַם: באַלבאָס.

אָנמערקונג XVIII. — אין דער ווינגערוווער ל-מונדאַרט איז אַמהעלסטען איליוסטרירט דאָס, וואָס איז אַרויסגעזאָגט אויבען אויף ז' 280 אין דער אָנמערקונג I. —

די מונדאַרט באַזיצט דייטליך אויסגעדריקטע לאַנגע קונסונאַנטען. דורט הערט איר: גאַל טאַקי מיט אַ לאַנגען ל, אַזוי אַז לויט דעם שטייגער, וואָס איז אָנגענומען אין דער דייטשישער שפּראַך, וואָלט מען קענען דאָס וואָרט אויסלייגען: גאַלל. אויך וואַסער נאַסער וואָלטען אין ווענגרוווער געשטאַלט געדאַרפט געשריבען ווערען: וואַססער, נאַססער, אודער, לויט אַנאַלוגיע מיט וואָקאַלען: וואַסער נאַסער.

ווייטער, אונטערשיידען די ווינגערוווער דייטליך צווישען די אַפריקאַטען צ (טס) און טצ. זיי זאָגען נישט: פלאַצן, קראַצן, שאַצן, — נאָר: פלאַטצן, קראַטצן, שאַטצן. ווענען מין אַרט רעדען (מיט'ן ליטעראַרישען צ) הוט דער

---

[1]) ווי אויף ז' 278 און אויף ז' 280. — נאָר אין ווענגרווו: טאָק (יום), באָט (מרחץ). — [2]) ווענען דער אויסשפּראַך פון אָמ — אין איינעם פון די ווייטערדיקע נומיצען. —

אויבען [1]) איינמאל שוין דערמאנמער ר׳ אהרן גרינבערג, א מארשטענדיקער, סימפאטישער זקן, ווי זיך אויסגעדריקט: „אלמין רעט אוידל, ווי פון אווון איבער די ווע מער, קום אנרירנדיק זיי, און אלך רעד די ווערטער ארום איננאנצן, אלך רעד זיי ארום מיט׳ן גאנצן מויל״. —

בלויז קיין לאנגען ר׳ וויסען נישט די ווינגערוווער. בא זיי איז איטליבער ר׳ קורץ. דוך עקזיסטירט א טיפער חילוק צווישען דעם ר׳, וואס אנטשפרעכט דעם מה״ד r, און דעם ר׳, וואס שטייט אקעגען מה״ד rr: דער ערשטער האט פאר זיך (אין אופענער זילב און וורט-אויס) ā, דער צווייטער ǎ (ביידע אקעגען מה״ד קורצען a). —

אין דער יונגערער ווענגערווער מונדארט [2]) ווערט דער ā פאר די דענטאלע ד, ט, ז, ס, דיפטאנגירט אין אָע (דער ע צווישען e [רוסיש э] און ї [רוסיש Ы]). — אזוי: ראָעט (== ראד), באָעט (== באד), נאָעז (== נאז), וואָעס (== וואס). —

[גאליציש, ביימיש, סלוואקישע מונדארטען]. — זיי שטימען, בנוגע צו דער טעמע פון דעם נוטיץ, וועיזט-אויס, איינגאנצען מיט דער ווינגערווער.

אין די פאלקלאריסטישע מאטעריאלען אויס גאליציע [3]) באגעגענען מיר:

A) 1) נאכט, באהאלטן, מאיצן, שלט, שמארק, גאנץ [4]), קאטץ [5]), קראנק, גיזאלט, לאבן, מובן, זאכן [6]) (מ״צ צו זאך), פאפס, פלאטץ, שאטצן, באקן, וואשן, שאלן, שארבן [7]), אללע, וואטע, ערימאנן, וואכסער, גאסט, גיהאסט [8]); —

2) נאר [9]), אנגעשפארט. —

B) וואגן, זאגן, שלאגן, אבם, ארימע, באגראבן, צאלן, פאטער, מאטער, מאג, באצאל, גאר, שמאט, נאז, דאס, וואס, אן (אנגעקומען, קוק-אן), באוואוסט, באר, יאגט, דאפארט [10])

[1]) ז׳ 261. — [2]) אין דער „ע׳-מונדארט״ (זיי אויבען ז׳ 257). — [3]) „דער אור-קוועלל״ I 273—279 (מזרח-גאליציע), 121 — 122 (מזרח-גאליציע), 14 — 15 (סמאניסלוי), 346 (סמאניסלוי). — [4]) מה״ד ganz (לעק׳ 60). — [5]) מה״ד katze (לעק׳ 120). — [6]) מה״ד sache, sach (לעק׳ 205). — [7]) מה״ד scharbe (לעק׳ 211). — [8]) מה״ד hażżen (לעק׳ 92). — [9]) מ״צ: נאראנים. — [10]) מה״ד er-varn (לעק׳ 56) == געוואר-ווערען. —

אויך: וואָרען[1]) (== מחמת, וויל, היות).

אַנמערקונג XIX.—אויסנאם: דאַמאָנט.

אַנמערקונג XX.—העברעישע ווערטער: שאמעס, דאַלעס, קאַללע, מעלער, גאַלעך, פּאַסקינט, גאַנוועט, דאַרשינען[2]) א. א. וו.—אלס אויסנאם: באַלבאָסטע.

אַנמערקונג XXI.—סלאווישע ווערטער: יאַטקעקלויץ, פּאַרמאַרקיט, מישוגלאַזעם, טאַטע[3]), שקראַפּ, א. א. וו. —

——— אין די פאָלקלאָריסטישע מאַטעריאַלען אויס ביימען[4]).

A) מאַנען, טאָט, מאַרקט, שטאַרק, האַנדעלט[5]), אַנדערן, האַלבער, וואַרט'ס[6]), גאַס, גאַנץ, וואַנצן, קאַטץ, שוואַרצע[7]), געפּאַסט, יאַנג, פּאַנג[8]), שמאַלץ[9]), לאַנגלע, זאַגן, מאַכן, האָקן, פּאַקן, גאַזן, טאָלע, פּאַלן, זאַמט, ג'פּאַטערשאַמט, א. א. וו.

אין: נאַרר (!). —

B) וואָגן, פּערקלאָגן, זאָגן, טראָגן, שלאָגן, האָבן, אָרומער, צאָלן, בעלאָרע־נען, שטאָט, דאָס, וואָס, אָ[10]), אָציפּאַנגע, בעאָרט, פּעראָפּסיג, זאָגט[11]).

און: וואָרים (== מחמת); — ווגער: מאָ (== מאן)! —

אַנמערקונג XXII.—בראַמפּע (לויט פּעטע!). —

אַנמערקונג XXIII.—העברעישע ווערטער: כאַסנעגע, מאַזעל, קאַללע, קאַדיש[12]) א. א. וו.—סלאווישע ווערטער: טאַט (אויך טאַטע) וכ'. —

——— אין די פאָלקלאָריסטישע מאַטעריאַלען אויס סלאָוואַקיי[13]):

A) נאַכט, געהאַלט, האַנד, טאָט, לאַנג, שטאַנד[14]), גאַנצן, פּאַנג, נאַס

---

[1]) פארגלייך מיט'ן נה"ד warum. — [2]) שמש, דלות, כלה, מלאך, גלח, פּקק'עס, גנב'עס, דרש'ענען. — [3]) בעקאנט אויך אין די דייטשישע מונדארטען (ווי גערוין 101). — [4]) „דער אורקוועלל" I 80, 82—83. — [5]) מה"ד handeln (לעק' 90). — [6]) מה"ד halp, warten (לעק' 89, 369). — [7]) מה"ד swarz (לעק' 260). — [8]) מה"ד passen, vanc (לעק' 185, 311). — [9]) מה"ד smalz (לעק' 234). — [10]) == אָן. — [11]) „דער אורקוועלל" I זייט 172 — 175, ווארפען זיך, אלס דרוקפעילערן, אודער פארטראגן פון מיידען: וואָס, האָבן (אינפיניטיוו) אָן. — [12]) חתונה, מול, כלה, קדיש. — [13]) „מיט." 1906, 58—62. — [14]) מה"ד stant (לעק' 245). —

כאַכן, וואַכן [1], צאַפּפּען, קאַננען (ה״וו), געוואַלט, פֿין דאַנגען [2], אַללעס ציזאַממען [3].

B) קלאָגן, זאָגן, געזאָגן (== זאָגן), טראָגן, שלאָגן, האָבן, בעגראָבן, דערלאָבן [4], טאָג, גאָר, גלאָז, דאָס וואָס, אָנגעגראַכענט. — [5])

אָנמערקונג XXIV. — בראָנעף (אויסער סכּעמע!). —

אָנמערקונג XXV.— העברעישע ווערטער: סאַך, מאַמעש, מאַשקע [6]), א. א. וו.

אָנמערקונג XXVI.—סלאַווישע ווערטער: מאַמם (מאַמע), טאַט (== פאָטער).

---

[די פּוילישע מונדאַרטען]. — אין וואַרשע האָבען מיר אַקעגען מה״ד a:

A) אָ (â) [אין דעם קרייז, ווו אין ליטווישען דיאַלעקט אַ (אויסער דער קלייִנער גרופּע, וואָס הוט אַאַ)]; אָא (aa) [פאַר ר (אין אופענער זילב אודער וורט-אויס) אַקעגען מה״ד rr].

אַזוי: נאָכט, גאָסט, האָלטן, טאָנצן, האָנט, וואָנט, קאָלב, קאָלט, באָנד, מאָנטוּ, אָלט, לאָנד, בלאָט, אָרבעס, מאָרק, גאָל, שטאָרק, קאָסטן, פאָסטן, שאָנד, קאָרג, וואָלד, גאָס, נאָס, גל׳אָט, באָלד, אָנדאָ, לאָכן, מאָכן, צאָפּס, פלאָצן, שאָצן, קראָצן, באָקן, האָקן, קנאָקן, נאָקעט, וואָשן, נאָשן, פאָלן, קאָמע, וואָסאָ, נאָסאָ, שאָפן, קוואָטאָ, קוואָטערן, וואָרים, ליאָרים [7]), קאָלאָך, גאָרן

---

[1]) מה״ד wachen (לעק׳ 363). — [2]) מה״ד dannen, danne (לעק׳ 33). — [3]) מה״ד ze-samene, ze-samne, ze-samen (לעק׳ 402). — [4]) מה״ד er-laben (לעק׳ 52) == דערקוויקען. — [5]) אלס דרוקפעלערס, אודער פאַרטראָגען פון מיר ען: נאָר, האָבן (אינפינ.) [איינמאָל, אַקעגען „האָבן", אלס נורם], גאָר, אָנמעסטן, פאַנג-אָן. — [6]) סך, ממש, משקה. — [7]) אין ביידע ווער-טער? — סווארעבהאקטיווקאל. —

און: **באַ, דאַ** (אובער דאַרן), **נאַ**[1] (מ"צ: **באַראַנים**), **גינצאַן** [גינאַסט מיך אָע (== נאַרסט מיך אָפּ)], **האַרן** (וואַרטן), **שאַרן**, **שפּאַרן**.

B) **אָ** (uu) [אין דעם קרייז, ווי די ליטווישע מונדאַרטען האָבען **אָ**].

הייסט עס: **נאָמע, האָבאָ, פּאָדים, וואָגן, נאָגן, קלאָרן, זאָגן, טראָגן, יאָגן, שלאָגן, האָבם, אָרים, שאָטן, פּאָרן, מאָגן, שפּאָרן, פלאָדן, שאָדן** (ה"ו), **שאָדינע** (צ"ו)[2], **גראָבם, מאָגאָ, שאָל**[3], **צאָלן, שנאָבל, לאָדן, קאָטאָ, פּאָטאָ, טאָטאָ, טאָוו**; — **טאָג צאָל, שמאָל, טאָ, גאָ, ראָט, שטאָט, גלאָט, נאָס, דאָס, וואָ** (און וואָס), **צאָ, אָ, האָ, פּאָ**[4], **באָט**[5], **קאָט** (מ"צ קאָטן), **גאָטן, אָפּ-, האָב, באָט**[6], **יאַך יאָג**, די **יאָקסט**, א. א. וו.

אויך: **וואָרן** (== מחמת).

== דער וואָקאַליזם פון פּויליש-יידישען דיאַלעקט צייכענט זיך אויס מיט זיינע קוואַנטיטאַטיווע פאַרהעלטענישען, וואָס זענען גאָר אַנדערע, ווי בא אַלע איבעריקע דיאַלעקטען פון אונזער שפּראַך. די וואָקאַלען פון זיטליכער פּויליש-יידישער מונדאַרט[7] זענען אַלע ברייטער, געצויגענער, פולער און שווערער, ווי די וואָקאַלען פון אַנדערע אונזערע מונדאַרטען, — און דאָס איז איינער פון די וויכטיקסטע קענצייכענס פון פּויליש-יידישען דיאַלעקט.

דער פּוילישער „אַ" שטייט אַקעגען פּוילישען „אַאַ", ווי דער קרעמעניצער „אַ" אַקעגען קרעמעניצער „אָ". איניווייניק אין זיין דיאַלעקט, איז דער פּוילישער „אַ" דער קורצער וואָקאַל, דער „אַאַ" — דער לאַנגער. אָבער אין פאַרגלייך מיט די a-לויטען אין די איבעריקע יידישע מונדאַרטען, איז דער פּוילישער קורצער a (דער „אַ") נישט בלויז דער לענגסטער פון אַלע קורצע a, נאָר זאָגאַר גלייך דעם קרעמעניצער לאַנגען a (מ'קען זאָגען, נאָך פולער און געוויכטיקער פון אים); דער פּוילישער לאַנגער a, ווידער (דער „אַאַ"), זיין אַנ'

---

[1]) בא די דריי וואָקאַבלען שלוס-ר נאָך לאַנגען וואָקאַל פאַרשווונדען. — [2]) שאָדען ברענגען. — [3]) корлупа, kora (פון אייער, פון פרוכטען), (פון ביימער). — [4]) צאָען, אָען, האָען, פּאָען — וויער זעלטען. — [5]) בערד. — [6]) באָד. — [7]) נאַטירליך, אין הויכבאַטונטער זילב. —

איבערלענג, גלייך דעם פאַרטאָפּעלטען קרעמעניצער לאַנגען a. —
אויך דער פּוילישער û איז אַ׳ איבערלענג. נאָר בּאַ אים איז די פאַרטאָפּעלונג נישט אַזוי פאָלקאָמען, ווי בּאַם לאַנגען a. אין נאָ-אָמע, האָאָבאָ, איז דער צווייטער „אָ" קוים-קוים שוואַכער פון ערש-טען. פאַר די ליקווידע, און פאַר די דענטאַלע (אויסער מ, ש, צ) ווערט דער צווייטער „אָ" זאָגאַר אָפּגעשוואַכט בּיז ע [דער ע איז רעדוצירט און עטוואָס געשלאָסען, אין פאַרשידענע מונדאַרטען מער אודער ווייניקער דערגענטערנדיק זיך צו י].
[אויך דער קורצער ע (אין געלט, פעלד, א. אַ. וו.) איז אין די פּוילישע מונדאַרטען לענגער, ווי אין אַלע איבעריקע יידישע מונדאַרטען (געניוער כאַראַק-טעריזירט: נישט אַזוי שאַרף, ברייטער און, דעריבער, עטוואָס מער געשלאָסען)]. —
אַלץ, וואָס אויבען וועגען דער וואַרשעווער מונדאַרט געזאָגט, גילט אים אַלגעמיין פאַר אַלע כמעט מונדאַרטען פון פּויליש-יידישען דיאַלעקט: פאַר וואַרשעווער גובערניע, פאַר פּלאָצקער, פּעטריקאָווער, קאָלישער, קיעלצער, ראָדעמער, ליובּלינער. די גענויע געאָגראַפישע גרענעצען דאַרפען ערשט פעסטגע-שטעלט ווערען דורך ווייטערע פאָרשונגען.
דאָ און דאָרט קענען, נאַטירליך, עקזיסטירען פאַרשידענע ניו-אַנסען, ווי אויך אָפּווייכונגען מכח איינצעלנע וואָקאַבּלען. אויך דאָס דאַרף נאָך געפאָרשט ווערען. —
אין וויערושאָוו (קאָליש. ג., וולוינ. א.), למשל:
A) — ווי אין וואַרשע, ראָדעם, ליובּלין, סאָכאַטשאָוו, סקערניע-וויץ, א. אַ. וו.: „אָ" (נאָבּט, גאָסט....), „אַאָ" (בּאַאַר, דאַאַר, נאַאַר....); — אָבער, אין: וואַרים, ליאַרים, קאַלעך, גאַרן, — דער a קוים-קוים שאַרפער, ווי געוויינטליך; [1]
B) — אויך ווי אין וואַרשע, ראָדעם, ליובּלין א. אַ. וו.: û, — אָבער די פאַרטאָפּעלונג פון וואָקאַל עטוואָס ווייניקער קלאָר. פאַר ג [2] וואָרט-אויס הערט זיך שויז קיין פאַרטאָפּעלונג כמעט לגמרי נישט;

---

[1]) אין וויערושוו: א״צ—קאָם, מ״צ—קעם;—וואַסער, נאַס, פּלאַטצן, שאַטצן, קראַטצן; — שאָלן — скорлупа. — [2]) אין: טאָג, קלאָג, יאָג, ג א. אַ. וו.

פאַר נ וואָרט-אויס, פאַרקערט, כמעט זייער דײַטליך [1]), — ווי אויך פאַר רט, נאָך ווערלכען עס גייט נאָך אַ זילב [2]). פאַר ל, ר, ז, ס וואָרט-אויס ווערט דער û דיפטאָנגירט אין אָי [3]); פאַר ד, ט, רד, רט, — אין אָע (דער ע געשלאָסען) [4]).

═══ אין ווישעגראָד (פלוצק ג. און א.)

A) — ווי אין וואַרשע א. אַ. וו.: „אַ" (נאַכט, גאַסט...); „אַאַ" (באַאַר, דאַאַר, נאַאַר...);

B) — ווי א ן ווירושאָוו: „אָאָ" (די פאַרטופעלונג שוואַכער, ווי אין וואַרשע). — פאַר ק [5]) וואָרט-אויס — די פאַרטאָפּעלונג גאָר נישט קלאָר; פאַר ר וואָרט-אויס — אַמקלאָרסטען [6]). — פאַר דעם ליקוויד ל און פאַר די דענטאַלע ד, ט, ז, ס [7]), נ [8]), ווי אויך פאַר רד, רט [9]), וואָרט-אויס, ווערט דער û דיפטאָנגירט אין „אָע" (דער אָ זייער ברייט און פול; דער ע רעדוצירט און געשלאָסען, צווישען θ און i). — [10])

אָנמערקונג XXVII.—אין וואַרשע, אין ליובלין, אין ווישעגרוד: בראָפן; אין ווירושאָוו: בראָמפן; אין שיענניצע [11]) (וואַרש. ג., נאָוואָמינסק. א.): בראָאָפן — (אַלץ אויסער סבעמע). —

אָנמערקונג XXVIII.—אין וואַרשע, אין ליובלין: באָרוויס (אויסער סבעמע); אין אילווו, אוסמולין: באַרוויס [ריכטיק — אַקעגען באַאַר (געלט), אובער אים אַלגעמיין טעורעטיש נישט ריכטיק]; אין ווישעגרוד: באַרוועס [12]); אין ווירושאָוו: באָארפיס (לויט סבעמע). —

---

[1]) צאָאָן, האָאָן וכ'. — [2]) קאָאָרטן, גאָאָרטן. — [3]) צאָיל, שמאָיל, טאָיר, גאָיר, גלאָיס, נאָים (דער שלוס-ס קוים-קוים שטימהאַפטיק), דאָיס, וואָיס. — [4]) ראָעט, באָעט, שטועט, באָערט, קאָערט. — [5]) טאָק (═ טאָג) א. אַ. וו. — [6]) טאָאָר. — [7]) צאָעל, שמאָעל, באָעט, ראָעט, שטאָעט, גל'אָעז, נאָעז, דאָעס, וואָעס. — [8]) דער שלוס-נ פאַרשווונט דערביי, נאַזאַלירענדיק דעם ווקאַל פאַר זיך: צאָע, אָע, האָע, פאָע. — [9]) באָערד, קאָערט. — [10]) אין ווישעגרוד: סאָאָטן (═ שאָטן, тѣнь); — שאָאָדן (ה"וו) — שאַטן (צ"וו); — שאָאָלן — скорлупа (פון נ.ס. למשל) [סקור: (מיט קורצען u) — кора (פון בוים)]; — א"צ קאַם (דער a — שאַרפער, ווי אים אַלגעמיין אין פוילען, ד. ה. קורצער) — מ"צ קעם; — קאַריק (═ קאַרג), שטאַריק (═ שטאַרק), אַרבעס; — וואַססער, נאַסס, קראַטצן, פלאַטצן, שאַטצן, קאַטץ (אַלזו, דײַטליכע לאַנגע קאָנסאָנאַנטען). — [11]) דורט וווינען 3 — 4 מניניס יידען. — [12]) דער ע געשלאָסען. —

אָנמערקונג XXIX.— אין װאַרשע, אין ליובלין: דאַמאַנעז; אין װישעגראָד: **דירמאַנ** ... —

אָנמערקונג XXX.—דער העברעיִשער קורצער a בלייבט אין פּױליִשען דיאַלעקט אָהן ענדערונג; נאָר, צוגעפּאַסט צו די איבערגאַראַקטעריזירטע קװאַנטיטאַטיװע פאַרהעלטעניִשען אין די פּױליש-יידישע מונדאַרטען, װערט ער אױסגעשפּראָכען ברייט (â) . — אַלס אױסנאַם: **ביבאָיִס** (װאַרשע), **בילבאָיִס** (גומבין, װאַרש. ג.), **באַלבאָיִס** (װישעגראָד). —

אָנמערקונג XXXI.—דאַסאײַגענע לאָזט זיך זעהן פון סלאַװישען a. — אַלס אױסנאַם: **סאָעט, סאָיִט** [1] (אין גאַנץ פּױלען); **טאָטשקי** [2] (װאַרשע). —

אָנמערקונג XXXII.—**אין די נעמען פון שטעדט האָט דאָס פּױלישע יידיש כמעט שטענדיג אָא אַקעגען a פון הױכדײַטשער זילב.**

די יידישע אײַנװױנער פון Kalisz רופען זײער שטאָדט: **קאָליש**, און אַזױ רופען זי אַלע פּױלישע יידען. — Radom הײסט בײַ זײַנע יידען און אין גאַנץ פּױלען: **ראָאָדים**. — Kazimierz [3] איז באַקאַנט ניט נאָר אין ליובלינער ג., נאָר אַפ׳ן גאַנצען געביט פון פּױליש-יידישען דיאַלעקט, אַלס **קאָזימער** [4]. —Przasnysz [5] קלינגט אױף יידיש, אין דער שטאָדט גופא, און אַרום (אין װאַרשע, פּולטוסק, ציעכאַנאָװ, מאַקאָװ, א. אַ. װ.): **פּראָשניץ**. — Warka [6] טראָגט אין יידישען פּױלען דעם נאָמען **װאָרקי**, Karczew [7]—**קאָרטשעװ**, Łask [8] — **לאָסק**, Kraśnik [9]—**קראָשניק**, Janów—**יאָנעװ**; Kraków און Praga [10]—**קראָקע**, **פּראָגע**. אַלס אױסנאַם פון כלל: **ראַװע** [11] (Rawa).

---

[די װישקױער מונדאַרט]. — די איבערגאַנגסמונדאַרט, מיט A ליגט זי זיך אין אַ געװיסער מאָס אָן צו די פּױלישע מונדאַרטען, מיט B — אָן דער קרעמעניצער. — אַזױ:

A) 1) אַ; 2) אַא [פאַר ר (אין אָפענער זילב, אין מערזילביקע װערטער), אַקעגען מה״ד rr אָדער אַקעגען מה״ד געשלאָסענער זילב]; 3) אַא [פאַר ר (װאָרט-אױס), אױך אַקעגען מה״ד rr].

---

[1]) = כאָד. — [2]) רוסיש: тачка, פּױליש: taczka. — [3]) פּולאַװ. א. [4]) אײגענטליך: קאָזמאַ, קאָזמאַ, קאָזמע (לױט די מונדאַרטען נאָך). — [5]) פּלאָצק. ג. — [6]) װאַרש. ג., גריצ. א. — [7]) װאַרש. ג. בײַ אָטװאָצק. — [8]) פּעטריק. ג. — [9]) ליובלינ. ג., יאַנעװ. א. — [10]) די הױפּטשטאָדט פון טשעכיע. — אָבער די װאַרשעװער פאָרשטאָדט Praga הײסט אין פּױלישען יידיש מאַקע פּראַגע. — [11]) פּעטריק. ג.

1) נאַכט, גאַכט, אַלטן, טאַנצן, א. א. וו. [ווי אף ז׳ 288[1]) ;
2) באַאַרעס (געלט), דאַאַרן, שׁאַאַרן, שפּאַארן וואַארים, ליאַאַרים[2]) ;
3) דאַאַר, נאַאַר ;

B) אָ (== דעם קרעמעניצער û) :

נאָמין, אָבער, וואָגן, נאָגן, א. א. וו. [ווי אויבען ז׳ 289[3]) .

אַנמערקונג XXXIII.—אין ווישקאוו : בראָמפּן ;—דערמאַנין (מיט קורצען a) ; באַלבאָס.

---

[דרום-רוסלענדישע מונדאַרטען. III.] — אין קרעמעניץ האָבען מיר אַקעגען מה״ד קורצען a :

A) 1) אַ (קורצען a)، 2) אָ [פאַר ר (אין אפענער זילב אדער ווארט-אויס), אַקעגען מה״ד rr]، 3) אָ̂ (קורצען, אפענעם o) [אין איינצעלנע ווערטער (פאר נ אדער נט)]. — אזוי :

1) נאַכט, גאַכט, אַלטן, טאַנצן, א. א. וו. [ווי אויבען ז׳ 288[4]) ; —

2) באַ, דאָ, נאָ, נאַרן, צאַרן [== 1) וואַרטן, 2) אָנגיין], שאַרן, שפּאַרן ;
3) וואָ̂נט, גיוואָ̂נט[5]) (== טוך, сукно), גישטאָ̂נין, פינדאָ̂נין, פינוואָנין[6]) ;

---

[1]) אין ווישקאוו : גאַסס, נאַסס (מיט לאַנגע קונסונאַנטען!), אבער : פלאַטסן, קראַטסן (דער אפריקאַט צ — קורץ) ; — קאַמין (מ״צ), אבער קאַאַם (א״צ) ; לאַנק, באַנק, זאַט, מאַן, פאַן, פאַל. — קאַלעך — אומבאַקאַנט ; מ׳זאָגט : וואַפּני ; — אויך גאַרן — אומבאַקאַנט. — [2]) אבער קאַרג, מאַרק (ווייל געשלאסענע זילב). — [האַרן (== וואַרטן) — אין ווישקאוו אומבאַקאַנט]. — [3]) אין ווישקאוו : סאָטן (== שאָטן, тѣнь) ; שאָדן (ה״וו) און שאַטן (צ״וו) ; שאָל (פון א נוס), שאָלאַכץ (פון אַ סך ניס) ; טאָק (דער u קוים-קוים שאַרפער) ; מ׳טאָר ; ראָט, שטאָט, באָט, באָרד, קאָרט (דער u נישט געבּרוכען) ; באָרוויס.— [4]) די קרעמעניצער מונדאַרט ווייסט נישט פון קיין לאַנגע קונסונאַנטען.—[5]) מה״ד ge-want (לעק׳ 78). — [6]) מה״ד wannen (לעק׳ 367). —

B) אָ (û) [אַזוי: נאָמען, אָבאַ, פּאָדים א. אַ. וו. (ווי אויבען ז׳ 289)] [1].—
דער קרעמעניצער „אַ" איז באַטייטעוודיק שאַרפער פון פּוי-לישען קורצען a (וואָס איז גלייך דעם קרעמעניצער לאַנגען a), אָבער ברייטער פון ליטווישען, ווי אויך פון דעם רוזשאַן-אָשמערער קורצען a.
דער קרעמעניצער לאַנגער a איז, ווי געזאָגט, קוואַנטיטאַטיוו גלייך דעם פּוילישען קורצען. אָבער אין „באַ", „דאַ" א. אַ. וו. איז דער a קענטיק, און זייער קענטיק — ברייטער פון פּוילישען קורצען a. אַף אַזאַ פאַרלייגערונג פון a אין די ווערטער ווירקט דער אָפּפאַל פון שלוס-ר.
דער קרעמעניצער û איז אַ איינצעלנער וואָקאַל. פאַר ר, רד, רט, וואָרט-אויס, ווערט ער דיפטאָנגירט, אַדאַנק דער וואָקאַליזירונג פון ר, — אַזוי: טאָא, גאָא, באָאד, קאָאט [זוגאַר: גאָאטן!]. אויך פאַר די דענטאַלע ט, ד, ס, ז, נ ווערט דער û דיפטאָנגירט, — אַזוי: שטאָיט, ראָיד, באָיד, דאָיס, וואָי (און: וואָיס), גל׳אָיז, נאָיז, צאָין, אָין (=== הױן), פּאָין [2]. —
אָנמערקונג XXXIV.—אין קרעמעניץ: בראָמבן;—דאַמאַנין.
אָנמערקונג XXXV.—דער העברעישער קורצער a פאַרבלייבט אין קרעמעניץ אָהן ענדערונג. אין איינצעלנע ווערטער גייט ער איבער אין קורצען o (פאַר דענטאַל!).

---

[1]) אין קרעמעניץ: שאָדן (ה״ו) און שאַטן (צ״ו); באָרוויס.—[2]) מ׳דאַרף וויסען, אַז אין אַלע יידישע מונדאַרטען, וואָס דיפטאָנגירען די לאַנגע וואָקאַלען (אין הויכבאַטאָנטער זילב), עקזיסטירען לעבענאַנדער פאָרמען מיט דיפטאָנגירטע און מיט איינפאַכע שטאַמוואָקאַלען. — אין וואַרשע: צאָעל, שמאָעל, נאָעז, וואָעס, לעבען: צאָל, שמאָל, נאָז, וואָס (דער אָ איבערלעגונג, און אין אויסשפּראַך פאַרטופּעלט). — אין קרעמעניץ, לעבען די אויבענגעבראַכטע, אויך שטאָט, ראָד א. אַ. וו. — די פאָרמען מיט דיפטאָנג הערען זיך אין עמפאַטישער אויסשפּראַך; אין לאַנגזאַמען, שטאַרק-אַרטיקולירטען רעדען; צום סוף פון זאַץ. — דער איינפאַכער וואָקאַל דערשיינט אין שנעלען רעדען; אין שוואַכער-באַטאָנטען טייל פון זאַץ. פון דער לאָגישער באַטאָנונג העננט אָפּ, צי ווערט אויסגעשפּראָכען: „מ׳טאָע ניש (אין וואַרשע), מ׳טאָאַ נישט" (אין קרעמעניץ), צי: „מ׳טאָ נישט" (אין ביידע שטעדט) [אין ערשטען פאַל שטאַרקער באַטאָנט דאָס צייטוואָרט, אין צווייטען — דער אַדווערב]. —

למשל: אוואָדי. — אין אייניקע ווערטער גייט ער איבער אין û: באַלבאָיס, באלבאָסטי; טאָניס (תּענית); אָדאַ (אָדר). —

אנמערקונג XXXVI.— דער כלאווישער a אין קרעמעניץ אהן ענדערונג. אלס אויסנעם: סאָיד (садъ), — באָבי [1]) (הייבאם) [אובער — באַבי [1]) (גרויסמוטער, бабушка)]. —

---

[דרום-רוסלענד. מ"מ. IV.] — אין קריוואָזיר, אקעגען מה"ד a:

A) 1) אַ (קורצער a) [פאר ג, כ, ק, ר (אין געשלוסענער זילב), שׂ, נק]; 2) אָ (â) [פאר ר (אין אופענער זילב — אקעגען מה"ד געשלוסענער)]; 3) אָ (קורצער, אופענער o) [אין די איבעריקע פאלען]. — אזוי:

1) קראַגן, לאַגר; נאַכט, ללאַכן, מאַכן; באַקן, אַקן, קנאַקן; באַר, דאַרר, מאַרק, שטאַרק, אַרביס, אַררן (=וארטן), שאַררן, שפּאַררן [2]); וואַשן, נאַשן, נאַשר, באַנק, דאַנק, א. אַ. וו.;

2) וואַרם, ללייאַרם [מ — זילבענבילדענדיק, מיט ! אלס סונאנטישער טייל];

3) גאָסט, אָלטן (האלטן), טאָנצן, אָנט (האנט), וואָנט קאָלב, קאָלט, באָנד, מאָנטל, אָלט, לאָנד, בלאָט, גאָל, קאָסטן, פאָסטן, שאָנד, וואָלד, גאָס, נאָס, גלאָט, באָלד, אָנדר, צאָפּם, קאָץ, טאָץ, שאָצן, קראָצן, פאָלן, קאָם [3]), וואָסר, נאָסר, שאָפן, קוואָטר, קוואָטרין, קוואָטרשאָפט, קאָליך, ללאָנג [4]).

B) אָ (û) [אין דעם-אייגענעם קרייז, ווי אין קרעמעניץ].

דער קריוואָזירער קורצער a איז שארפער עטוואס פון קרעמעניצער, נאָנטער צום ליטווישען.

דער קריוואָזירער û איז קוואַנטיטאַטיוו אביסעל נישט זיכער,

---

[1]) ליפשיץ 51. — [2]) די קריוואָזירער מונדארט וויסט פון לאנגע קונסונאנטען [נישט בלויז ווארט-איין און ווארט-אויס, נאר אויך אנהייב-ווארט (זיי, למשל, אויבען ז' 270, 2-טע אנמערק. אונטערן טעקסט)]. — [3]) זייער זעלטען, און מערסטענטיילס נאָר פון אַ האָן געברויכט. עפטער — דער דעמינוטיוו: קעמל. — [4]) אויך: טאָפּם, אָנדל (האנדל), אָנדלשאָפט [אויך: ברידרשאָפט — אַלוו, אין דעם סופיקס „שאפט" (אין אומבאטונטער, העכסטענס — טיפטוניקער, זילב) — קורצער o]. — פלאַצן און וואַפן אין קריוואָזיר אומבאקאַנט; אנשטאָט'ן ערשטען ווערט געברויכט מען דאס רוסישע לאָפּנין (מיט יידישער פלעקסיע). —

וואקלענדיק זיך צווישן לאנג און קורץ. ער איז שמעלער פון קרעמעניצער, און צו הערן'ן פילט, מ'זאל קענען זאגען, אז ער איז קורץ. נאר קורץ איז ער דאך נישט: ס'איז א שוואך-אויס, עדיקטע לאנג. פאר ג, ווארט-אויס[1]) איז דער וו גאר נאנט צו קורץ; פאר נ ווארט-אויס[2]) איז ער גאר באנטגעסטען. און „בבארררד" איז ער זיכער לאנג; און „קארט", דאנגען, נישט זיכער: אמאל לאנג, אמאל קורץ; און „גארטן", „בטוויס" (און געשלאסענער זילב, און מערזאלבקע ווקיבלען)— י י.—

אנמערקונג XXXVII. — און קריווויר: בראפן (מיט גורגען o, לויט תבעמע!)— דירמאנין (מיט קורצען o). —

אנמערקונג XXXVIII.—דער העברעישער a (דער פתח און דער חטף-פתח) טילט און קריוואזיר דעם גורל פון, מה"ד קורצען a און דער דערשיינונג A. — הייסט עס:

1) גאבי, שאבים; זאהאדי, מקאדיש, שאדכן; אוור, דאיקי; גאזלין, מאזול, כאזור, כאזרן, מאזיק; באטלין (מ"צ: באטלאנים), פאטרן; אליף, כאליף, דאלים, קאלי, טאלמיד; לאמדן, סאם, סאמין, דאם, שאמיס, טאם, טאמעס, ראמבים; טאני, גאנוועווען; פאסליגן, פאסקין; מאפי; דאף, מאצי, ראצכן; פאסוך; —[3])

2) אגעוו; פאהאד, מאכנע, מאכמיס, מאכלויקים; טאכלים, אבזר, אכבר, סאקן, מאקי; טאקיף, זאקן; פארשי, טארגים, קארקע, כאריף, ארבי-קאנפים; אשקנז, טאשליך[4]). -

אובער: באלבאס (בעל־הבית), אדר[5]) (אדר), טאנים (תענית). —

אנמערקונג XXXIX.—דער סלאווישער a און די אלט-איינגעבירגער-טע ווערטער גייט-נאך דערזעלביקער סכעמע, וואס דער העברעישער.— אזוי, למשל: טאטי, מאמי, באבי (גרויסמוטער), יאווין (ЯВИТЬ), א. א. וו.—

אובער: סאד (САДЪ). —

---

[1]) למשל, און טאג. — [2]) און צאן, אן (האן), פאן. — [3]) נבֿאי, שבת; ודאי, מקדש, שדכן; אויר, דוקא; גזלן, מזל, חזיר, חזן, מזיק; בטלן, פטרן; אלף, חלף, דלות, כלה, תלמיד; למדן, סם, סמ'ן, דם, שמש, תם, תמימות, רמבם; תנא, גנב'ענען; פסל'ען, פסק'ען; מפה; דף; מצה, רצחן; פתח. — אלזו, a פאר אלע קונסונאנטען, אויסער: ג, ח, כ, כּ, ק, ר, ש. — [4]) אגב; פחד, מחנה, מהמת, מחלוקת; תכלית, אבזר, עכבר; סכין, מכה; תקיף, עקשן; פרשה, תרגום, קרקע, חריף, ארבע-כנפות; אשכנז, תשליך. — אלזו, a פאר ג, ח, כ, כּ, ק, ר, ש. — [5]) דער זעקסטער חודש פון יודישען יאר.—

—— קורצען אָ̂ אין דער דערשיינונג A האָבען אַ סך דרום-רוסלענדישע מונדאַרטען, וואָס אונטערשיידען זיך געוויס צווישען זיך מער אָדער ווייניגער אַפ'ן געביט פון דער דערשיינונג B, ווי אויך אין איינצעלקייטען און קרייז פון דער דערשיינונג A גופא, — בילדען, אָבער, האָבענדיק אַלס קענצייכען דעמדאָזיקען o, אַ גרויסע זעלבסט-שטענדיקע גרופּע אין די גרענעצען פון דרום-רוסלענדישען דיאַלעקט.

—— אין בערדיטשעוו, וואַכנאָ̂ווקע; אין טשודנאָ̂וו[1], קראַסניסיל'י (וואָלינ. ג.), איז דער o, ווי אין קריוואָ̂זיר, צאָפּען, גלייך דעם דייטשישען o אין Kopf.

אין אַדעס איז ער נאָך אָ̂פענער, דערנייענט זיך צו a. ס'איז, קען מען זאָגען, „דער צווישענלויט צווישען a און יענעם דייטשישען o, וואָס אַנטשפּרעכט דעם ô אין ענגלישען lord אָדער scorn און אין פראַנצייזישען encore", לויט Brücke[2] דעפינירט אים[3]. —

—— אין אַנדערע פּונקטען פון דעם געביט איז דער o אויסדריקליך דיפטאָנגירט:

1) אין שפּאָ̂לי[4]) האָבען מיר אַ̂ (ᵃO) [קורצער דיפטאָנג מיט אויסגעשפּראָכענעם איבערגעוויכט פון צווייטען טייל];

2) אין סאָ̂ראָ̂קי (בעסאַראַביע) — אַ̂ (ᵃ₀) [קורצער דיפטאָנג מיט איבערגעוויכט פון ערשטען טייל];

---

[1]) זשיטאָמירער א. — [2]) איך ציטיר נאָך גוטמאַנן l. c. 89. —
[3]) אין פלוק, איז שווער צו זאָגען: צי איז עס אָ̂, צי איז עס אַ. — ס'איז טאַקי אָ̂, אובער דאָס אויער הערט אין דעם אויך אַ. אַלענפאַלס, קיין דיפטונג איז עס דוך נישט. — בילדליך, וואָלט דער אַקוסטישער איינדרוק פון דעם אַדעסער קורצען o זיך לאָזען פאָרשטעלען אין צוויי קונצענטרישע רינגען: דער אינווייניגסטער איז אַ, דער דרויסענדיקער — אָ̂. קורץ, ס'איז אַ לויט אין דער שטרעבונג פון אָ̂ צו אַ, אַפ'ן וועג פון ערשטען צום צווייטען, נאָר נאָך נאָנטער צו אָ̂, ווי צו אַ. — [4]) ה' יעקב אַפּטייקער שרייבט מיר פון דאָרטען: „בא אונז זאָגט מען: גאָ̂ס, נאָ̂ס, גלאָ̂ט, בלאָ̂ט א. אַ. וו. — דער אָ̂ איז ניט אַזוי קלינגענדיק, ווי דער ליטווישער אָ̂, און עטוואָס ווייכער פונ'ם רוסישען o. ווען צום טעמפּקייט פונ'ם לעצטען וועלען מיר צו-לייגען אַ קו ם-באַמערקבאַרען קלאַנג אַ, דאַן באַקומען מיר אונזער אָ̂. מאַטעמאַטיש וואָלט איך זיך אַזוי אויסגעדריקט: נײַן צענטל פונ'ם רוסישען o ==דעם שפּולער אָ̂".—

3) אין באָסליוו — אָאַ (ao) [קורצער דיפטאָנג מיט גלייכע גלידער]. —

צו דער דרום-רוסלענדישער אָ-גרופּע געהערען אויך: באַלטע, אולאַנאָוו, האָליסקאָוו (פּודוליע); יעליסאַוועטגראַד (כערסונ. ג.); קעשענ׳יוו, פאַלעשטי (בעסאַראַביע), א. אַ. וו., נאָר צו וועלכער אונטערגרופּע (צו דער צ-אונטערגרופּע, צו דער אָאַ-אונטערגרופּע א. א. וו.) איטליכע פון די דאָזיקע שטעדט דאַרף פאַרעכענט ווערען, וועט מען קענען זאָגען נאָך גענויערע אויספאָרשונגען. —

o אַקעגען מה״ד a (אין דער דערשיינונג A) זייען מיר אויך אין דער דייטשישער שפּראַך.

„פון אַלטנידערדייטשישען a פאַר ld, lt איז אין מיטעלנידערדייטש געוואָרען o: holden (== halten), solt (== Salz)" [1]. —

אין די היינטיקע נידערדייטשישע מונדאַרטען זייען מיר דעם o: אין ברעמען [2], אין ליבעק און דער אומגעגענד [3], אין שלעזוויג-האָלשטיין [4].

אויך אין די היינטיקע הויכדייטשישע מונדאַרטען באַגעגענען מיר קורצען o אַנשטאָט קורצען a, און דערביי אין אַ ברייטערען אומפאַנג. אַזוי, למשל: אין קעלן (געהערט צו דער אַזויגערופענער ריפּואַרישער מונדאַרט) [5], אין נירנבערג-שטאַדטל (אין די איזערבערג) [6], אין אָפענער געגענד (א שוועביש שפּראַכאינזעל אין אונגארן) [7]. —

---

1) בעהאגהעל c. I 139. — 2) „אם אור-קוועלל" VI 116 — 118: o]
(alt ==) olen, (alten ==) ,א. א. ו. — 3) „דער אורקוועלל" I 243—244:
Koffe (== נה״ד Kaffe), ollen (== alten), immerdor (== נה״ד
immerdar). — 4) „אם אור-קוועלל" VI 32: holt (== alt). — 5) „אם אור-
קוועלל" V 238: Strosse [מה״ד strâże (לעק׳ 251), איבער נה״ד Strasse],
log (== lag), trof (traff), א. א. וו. — 6) „אם אור-קוועלל" III 31—32:
Wosser (וואסער), schworz (שווארץ), ueberrol (איבעראל), Kommer
(קאמער), ollerle (אלערליי), donn (== dann), follend (== fallend),
stomm (שטאם), hortes (הארטס) א. א. וו. — 7) „אם אור-קוועלל" V 230,
263: Lond (לאנד), hobn (פרעזענס) [== haben], sproch (== sprach),
Wold (וואלד) א. א. וו. —

אין־איינִיקע דײַטשישע מונדאַרטען טרעפֿען מיר זאָגאַר אַ קורצען דיפטאָנג oa אָנשטאָט a. למשל, אין מיטעלשלעזיע[1]) —

אויך די מונדאַרטען פֿון דער פּוילישער שפּראַך האָבען o אָנשטאָט a (אין הויכבאַטאָנטער זילבּ, און אויך אין אומבאַטאָנטער). די גוילישע פֿילאָלאָגען רופֿען דעם o — „A Pochylone". אַזוי: pon (pan ==), wstoń (wstań ==), mom (mam), rolo (rola), wołom (wołam) א. אַ. וו.[2]).

[צוגאָב]. — צו דער אָנמערקונג XI אַף ז"ז 283 — 284:

אויך די דײַטשישע מונדאַרט אין נײַשטאַדטל[3]) (אין די איזער־בערג) האָט קורצען o אַקעגען מה"ד קורצען a (אין דער דערשײַנונג B) [ווי די ליטווישע און מיזרישע יידישע מונדאַרטען][4]). —

צו ז' 284: אין ריזשאַן — צ"וו: ס'שאָט[5]).

צו ז"ז 288—292: אין באָווי-דוואָר (וואַרש. ג. און א.), אין וואָלאָדאַווי (כעלמער ג.): ס'שאָט[5]); — אין מאַקאָווי (לומז. ג.): שאָדן (צ"וו). —

אין דעם פֿאָלקסביכעל: „דאָס ליד פֿון ראַבאַניק"[6]), געדרוקט אין פּוילישען דיאַלעקט, וואַרפֿען זיך דורך: גראָעד[7]), שאָעט[8]) וכ'.

צו די נעמען פֿון שטעדט: פּאַריסאָוו [== Parysów, ליובלינ. ג., גאַרוואָלינ. א.]. —

צו דער דרום-רוסל. אָ-גרופּע געהערען אויך: ראַכמיסטריווקי (טשיגירינ. א.); קאָרסטישעוו (ראַדומישל. א.); זוועניגאָרדקי; קאַמענקי (טשיגירינ. א.) [אַלע 4 — קיעוו. ג.]. —

[1]) „אַם אור-קוועלל" III 20 -- 21: stoalle [מה"ד stal — stalles (לעק' 244) == שטאַל] וכ'. — [2]) זײַ: "Wisła" 1888 ז' 369. — [3]) „אַם אור-קוועלל" III 31 — 32: Nose (ליטוויש: נוז); Gabel (גופל) [מה"ד gabel (לעק' 58)]; grode (גרוד) [מה"ד ge-rade (לעק' 69) גלײַך (אַדווערב)]; ormen, ormes; wos; dos; doss. — [4]) אין דער מיטעלשלעזישער דײַטשישער מונדאַרט („אַם אור-קוועלל" III 20 — 21): Voater (ליטוויש: פוטער), doas (דוס), doass (דוס), oab- (אופּ-) א. אַ. וו. — [5]) 3 פּערז. סינג. פּרעז. — [6]) „דאָס ליד פֿון ראַבאַניק מיט אַלע זאַכען וואָס עס האָט אין וואַרשאַ אונד נאָך געמעט ספּאַסירט בעת ווען דיא פּאָנסלאָווּסטען האָבען געריגערט: — אײַגענטהום פֿ' ב' דעם פֿערלעגערם (—) נאַכדרוק ווירד פֿאַרבעהאַלטען"... — [7]) ז' 24. — [8]) ז' 25. —

טאַבעלע V [1].

| מה"ד | קורצער a | |
|---|---|---|
| | אין געשלאָסענער זילב | אין אָפענער זילב. |
| ליטווישע און מיערישע מונדאַרטען | אַ | אָ̂ |
| דרום-רוסלענד. מונדאַרטען I | אַ̆ | אָ̆ |
| דרום-רוסלענד. מ"מ II [אויך גאַליציאַנישע, בעמישע און. סלאָוואַקישע מ"מ] | אַ, אַ̄ [2] | אָ̄ |
| פוילישע מונדאַרטען | אַ̄, אַאַ [2] | אָאָ |
| דרום-רוסלענד. מ"מ III | אַ, אַ̄ [3], אָ̂ [3] | אָ̄ |
| דרום-רוסלענד. מ"מ IV | אָ̂, אַ [4] | אָ̄ |

[1] די וואָקאַבלען מיט דעם פּאַסיקעל אויבען לאַנג, אָהן אים—קורץ. — [2] פאַר ר, אין געוויסע פאַלען. — [3] אין איינצעלנע וואָקאַבלען (פאַר דענטאַלען). — [4] פאַר ג, כ, ק, ר, ש. —

## פערדער נאטיץ.

### אקעגען די מה"ד î, iu און ô, די האבען די יידישע מונדארטען: איינ׳קע — איין וואקאל, אנדערע צוויי׳ערליי וואקאלען.

אנמערקונג 1. — דער מה"ד iu שטעלט־פור: 1) פורטזעצונג פון אלטהויכדייטשישען iu; 2) אומלויט פון מה"ד û. — דעם צווייטען iu באגעגענען מיר, אלזו (צווישען אנדערע פאלען), אין מה"ד פלוראל און דעמינוטיוו פון די הויפטווערטער מיט דעם שטאמוואקאל û [1].

דער ô איז א רומאנישער סופיקס, וואס איז צוזאמען מיט א געוויסער צאל פרעמדע ווערטער אריינגעדרונגען אין די מה"ד שפראך און האט זיך דערנאך אזוי איינגעבירגערט, אז מ׳האט אים אנגעהויבען צושטעלען אויך צו דייטשישע ווערטער, דער־הויפט צו די, וואס ענדיגען זיך מיט ער. אזויארום איז אנטשטאנען א נייער סופיקס eriə. אים אלגעמיין האט, אבער, די מה"ד שפראך געהאט ווייניק ווערטער מיט דעם סופיקס [2].

---

[דער ליטווישער דיאלעקט]. — אלע זיינע מונדארטען האבען אקעגען די דריי אנגעוויזענע מה"ד וואקאלען איין דיפטאנג אַי (aj — מיט קורצען a). — אזוי:

1) הויפטווערטער: אַיז, אַיזן, ווַייב, צַאיט, לַאילעך, דרַאיער; צייטווערטער: ווַאיזן, בלַאיבם, רַאיבם, שווַײגן, שַאינען; אדיעקט. און אדווערב: גלַאיך, רַײך, פרַײ; ציילווערטער: דרַאי, דרַאיצן, דרַאיסיק; פירווערטער: מַאין, דַאין, זַאין [3];

2) ה"וו: פרַאינט, לַאיט, פַאיער, טַאיוול, בַאיטעלע; צ"וו: לַאיכטן; אדיעקט. און אדווערב.: טַאיער, טַאיטש, נַאי, טרַאי, פַאיכט, הַאינט; ציילווערטער: נַאין, נַאינצן, נַאינציק [4]. — און נאך: בַאיכער, מַאילער, טַאיז,

---

1) זיי אויבען ז' 222. — 2) W. Wilmanns. Deutsche Grammatik... Zweite Abteilung: Wortbildung. Zweite Auflage. Strassburg. 1899. — s. 381. — 3) מה"ד îs, îsen, wîp, (wîb) zît, lîn-lachen (lîlachen, lîlach), drîer, wîsen, blîben, (be-lîben) rîben, swîgen, schînen, glîch (ge-lîch, ge-lîche), rîche (rîch), vrî, drî, drî-zëhen, drî zëc (drî zic), mîn, dîn, sin לעקסער 114, 114, 388, 405, 148, 36, 390, 15, 196, 262, 216, 65, 197, 354, 36, 37, 37, 163, 34, 1229. — 4) מה"ד vriunt, liute, viur,

האַיזער, מאַיז, (מ״צ פון נומינא, וואָס הובען אין מה״ד û אין דער הויכבאַטונטער זילב׳, באַיכל, טאַיבל, מאַילעכל, טאַיזל, יאַיכל, האַיזל, פאַיקל, האַיטל, שראַיפל, מאַיזל, קלאַיזל (דעמינוטיוו פון דיאַיגענע נומינא).

3) פישעראַי[1]. —

אָנמערקונג II. — דעם מה״ד û, ווי מיר הובען אויבען (אף די ז״ז 219—222 און 236—239) געוויזען, אַנטשפּרעכען אין פאַרשידענע ליטווישע מונדאַרטען פאַרשידענע ווקאַלען: אין דער פּינסקער — וי און אָו; אין דער הומלער — וי; אין שקלוו א. אַ. וו. — וי און ו; אין קאַידאַן — אָו; אין סטאַוויסק — אָל, אָ און וי; אין פּולוצק — וו, ו און וי. — דער דעמינוטיוו פון די נומינא, וואָס הובען אין מה״דייטשישען געשטאַלט û, ווייזט אין אלע ליטווישע מונדאַרטען אַי (אויסגאַטען מכח איינצעלנע ווקאַבלען זענען, נאַטירליך, נישט אויסגעשלוסען), בייוונגענדיק, אַזוי, צוריק צו אחדות די פאַרשידענע מונדאַרטען פון ליטווישען דיאַלעקט, וואָס פונאַנדערגייען זיך אין דער נורמאַלער פורם פון דיזעלביקע ווערטער. בויך (אין פּינסק, אין הומעל), בויך (אין שקלוו א. אַ. וו.), באָוך (אין קאַידאַן), בווך (אין פּולוצק), באָלך (אין סטאַוויסק); אובער: באַיכל (איבעראַל אין ליטווישען דיאַלעקט!). — אויך דער פּלוראַל פון די נומינא, פון וועלכע ס׳איז די רייד, ווייזט אין ליטווישען דיאַלעקט אַי, — אובער נישט פון אַלע. באַיכער, מאַיז, טאַיז א. אַ. וו. זענען אפּ׳ן געביט פון דעם דיאַלעקט אוניווערסאַלישע פורמען. אובער אין אַנדערע נומינא היט דער פּלוראַל אָפּ דעם שטאַמוואָקאַל פון סינגולאַר; אַזוי: טויבם (אין פּינסק), טויבם (אין שקלוו), טאָובם (אין קאַידאַן), טווּבם (אין פּולוצק), טאָלבם (אין

---

,(tiur) tiure ,liuhten ,biutel ,(tivel ,tîvel ,tievel) tiuvel ,viuhte ,(triwe ,triuwe) triu ,(niuwe) niu ,(diutsch) tiutsch ,149 ,355 לעקסער] (niun-zic) niun-.ëc ,niun-zëhen ,niun ,hiute 344, 267, 25, 149, 267, 35, 178, 272, 344, 103, 177, 178, 178l. —

[1]) מה״ד vischerîe [לעק׳ 343]. — ווי געזאָגט, הוט די מה״ד שפּראַך ווייניק ווקאַבלען מיט דעם סופיקס erîe. אין דער נייהויכדייטשישער שריפטשפּראַך איז די צאָל פון די ווערטער מיט דעמדאָזיקען סופיקס (אין זיין נייערען געשטאַלט), פאַרקערט, זייער גרויס. — דער סופיקס erîe ליגט אויך אין גרונט פון דער ענדונג עראַי אין אַזעלכע ווערטער, ווי: שוסטעראַי, שניידעראַי (באַצייכענען אַ פאַך), בעקעראַי, פאַרבעראַי (באַצייכענען אַ אינדוסטריעלען אַנשטאַלט, דאָס אורט, וווּ אַ געוויסע פאַבאַרבעט ווערט אויסגעפירט). — אין ליטווישען דיאַלעקט זענען די נומינא אף עראַי שטענדיק לשון־נקבה. —

סטאַוויִסק). צו קיִין פולקומען אחדות קערען די לִיטווִישׁע מונדארטען אִין דעם פּלוּראַל נִישׁט אום. גענויער וועגען דעם אַף אַנ׳אַנדער אורט. —

אָנמערקונג III. — די נה״דײַטשׁישׁע שׁריפטשפּראַך הוט אַקעגען מה״ד î און ei—îe (געלייִענט: aj), אַקעגען iu—eu (געלייִענט: oj). — אין די געגענווערטיקע דײַטשׁישׁע מונדארטען איז דאָס פאַרהעלטעניש אַזוי: 1) דער î און iu זענען דיפטונגירט (אין ei און eu) — אין מיטעלפרענקישען, אין רײַנפרענקישען, אין מזרח-פרענקישען, אין דרומפרענקישען, אין אויבערזאַקסישען, אין שוועבישען; 2) אין נידערפרענקישען, ריפּוּאַרישען, טירינגישען און אין אַ טייל פון די אַלעמאַנישע מ״מ זענען דער î און iu דיפטונגירט נאָר ווארט-אין פאַר וואָקאַל און ווארט-אויס; 3) דער נידערדײַטשׁישׁער דיאַלעקט און דאָס דרום-געביט פון די אַלעמאַנישע מ״מ זענען געבליבען עד היום בײַ די אַלטע î און iu [1]). —

אָנמערקונג IV. — אַקעגען מה״ד schîbe הובען די לִיטווישע מ״מ, אויסער סכעמע: שׁײַב (הומעל, פינסק, סטאַוויסק II, סקידל, פולונקע), סײַב (אַמטישיסלעוו), שׁאָוב (לומזע, ווילקיווישקי), סווב (פולוצק, טשעריקווו), שׁוב (וויטעבסק), שׁאָלב (סטאַוויסק I). — דער דעמינוטיוו פון די אַלע געשטאַלטען איז אײנער: שׁאַיבל (סאַיבל) [לויט סכעמע].

[דרום-רוסלענדישע מונדארטען. I.] — אין רִיזשאַן (מאַקווו א.), בראָק (אוסטרווו. א.) [בײדע לומז. ג.]; אין סאָקעלאָווע (ליובלינ. ג.); אין אָסטרע, לאָוצק, אין טאָרטשׁין (לוצק. א.), אישאָמער (ושיטומיר. א.), בערעזדיִוו (נוווגראַדוואָלינ. א.), סלאַוויטי (זאַסלאַוו. א.) [אַלע 6 וואָלינ. ג.]; אין סטעפּאַנצי (קאַנעוו. א., קיעוו. ג.) — ווי אין די לִיטווישע מונדאַרטען: אַי (aj) אַקעגען אַלע דרײַ אויבענדערמאַנטע מה״ד וואָקאַלען.

די קוואַנטיטעט פון דעם aj איז אין די לִיטווישע און אין די אויבענדערמאַנטע דרום-רוסלענדישע מונדאַרטען פאַרשידען.

אין אײניקע לִיטווישע מונדאַרטען איז דער גאַנצער דיפטאָנג זײער שׁאַרף, — קורץ, הײסט עס. אין אַנדערע (אין לאָמזע למשל) איז דער a קורץ, אָבער דער דיפטאָנג, אַלס אַזעלכער, קוים-קוים ברײטער. —

[1]) בעהאַגהעל l. c. 146 — 147. —

אין מ ו ש נ י ע ץ (אוסטרולענק. א., לומז. ג.) איז ער: 1) אין איינ- און צווייזילביקע ווערטער — לאַנג [1]); 2) אין דרייזילביקע — קורץ [2]) —

אין ר י ז ש אַ ן — דער דיפטאָנג קורץ. — דער ט אָ ר ט ש נ ע ר aj אין — קורץ, אָבער ברייטער פון אַלגעמיין-ליטווישען [3]). — אין ל אָ ו צ ק: דער קורצער a קוואַנטיטאַטיוו איבערהויפט כמעט אינגאַנצען גלייך דעם פ ו י ל י ש ע ן קורצען, אַלזאָ — דעם קרעמעניצער לאַנ-גען a. קומט-אויס: אַיז, אַיזן, וואַיב א. אַ. וו. —

אַנמערקונג V. — אין פ ל י ו ר אַ ל און אין דעמינוטיוו פון די נומינאַ מיט û אין מה״ד געשטאַלט טרעפען זיך די מוגראַרטען פון די אַלע שטעדט, אָבער נאָר טיילווייז. — אַזוי, אין טורטשין:

1) רעמינוטיווא: באַיכל (באַיבלי), טאַיבל (טאַיבלי), מאַילכל, טאַיזל, יאַיכל, אַיזל, פאַיקל, מאַיטל, שראַיפל, מאַיזל, קל׳אַיזל; — אָבער: קוילעכל (פון קויל צום שיסען), מאָורל; —

2) פליוראַל: באַיכאָר, מאַילאָר, טאַיסו, אַיזאָר, מאַיסו; — אָבער: טויבם, פויקן, שרויפן, קל׳ויזן, קוילן, מאָורן. —

אין לוצק: באַיכער — באַיכל; טאָובם — טאַיבל; מאַילער — מאַילעכן; טאַיז — טאַיזל; יאַיכל; אַיזער — אַיזל; פאָיקן — פאַיקל; אַיטל; שראָופן — שראַיפל; מאַיז — מאַיזל; מאָווערן — מאָווערל. —

[1]) די מ י ש י נ צ ע ר וואָקאַלען זענען קוואַנטיטאַטיוו ווייער נאָנט צו די פוילישע-יידישע. אין בויך, טויפ, יויך, מאָל, קאָל איז דער o קורץ, אויסען, רייזן, אָבער נישט אַזוי שאַרף, ווי אין די איבעריקע ליטווישע מ״ם, נאָר ברייטליך, געמיטליך. — דער קורצער a איז אין מ י ש י נ י ע ץ כמעט גלייך דעם וו אַ ר ש ע ווע ר קורצען a, — אַלזו, פול, געוויכטיק. — דאָס רונדקייט פון די וואָקאַלען גיט-צו דער מישינצער מונדאַרט אַ ווילקלאַנג. — [2]) אין באַיכער — באַיכל, מאַילער — מאַילכל, אַיזער — אַיזל, מאַיסו — מאַיזל א. אַ. וו., איז דער aj — לאַנג; — אין באַיכעלע, טאַיבעלע, אַיזעלע, מאַיזעלע א. אַ. וו., איז דער אַי — קורץ (דער a גופא שאַרפער). — [3]) אויך אין טורטשין באַמערקט זיך אַ קוואַנטיטאַטיווער אונטערשיד צווישען דעם אַי אין צווייזילביקע און אין דרייזילביקע ווערטער. אין באַיכאָר איז דער דיפטונג ברייטליך, אין באַיכלי — קורץ. —

אָנמערקונג VI.—אין ריזשאַן: שאָלף — שאָלפם (איסער סבעמע); אין לוצק: שאָוב — שאָובם (איסער סבעמע) — שאַיבל (לויט סבעמע); אין טורטשין: שויב — שויבם (אויסער סבעמע) — שאַיבל (לויט סבעמע)[1]. —

---

[די ביימישע, מיירישע, סלוואַקישע און אונגאַרישע מ"מ]. — אויך זיי שטימען אַף דעם געביט פון אונזער טעמע מיט די ליטווישע מונדאַרטען.

אין די אויבען שוין דערמאַנטע פאָלקלאָריסטישע מאַטעריאַלען טרעפען מיר:

אויס ביימען[2]: — וואַיב, בלאַיבט, גלאַיך, פּראַי, דראַי, מאַי[3], מאַינע, זאַי[4], זאַינע, לאַיט, פאַיער, נאַיע, מאַיז, באַיבילע, יאַיבילע, האַיזעל, זאַיט, ראַיטער, בראַי, גאַיער, לאַיהען, שראַיט, וואַיטער, וואַיל[5], ענאַי[6], באַי[7]. —

אויס מיירען[8]: —וואַיבער, פּראַי, פראַיטעג[9], מאַי[3], זאַין, באַיטעל, האַיטל, גאַיגען, שראַיבען, שפּאַי[10], באַיסע[11], טראַיבען, וואַיסע, אַינפאַללען[12], אַיזיק[13]. —

אויס אויבעראונגאַרן[14] (פּרעסבורגער קומיטאַט): — אַיזיק[13], מאַיבעלער, צאַיגען[15]. —

אויס ביימען, מיירען, אונגאַרן[16]: — מאַי[3], זאַי[17], זאַינע, וואַיל, ענאַיגעה, באַין[18], אָהשנאַידען, לאַיבלעכער[19].

---

[1]) אין אישומער: טאַפּל'ע. — [2]) „דער אורקוועלל" I 50, 80—81, 82—83, 172 — 175. — [3]) מיין. — [4]) זיין (ווערבום ; פּראָנומען). — [5]) מה"ד site (sît), rîtaere (rîter), brî (brîe), gîr, lîhen, schrîn (schrîen), wît, wîle (wîl) [לעק' 230, 199, 29, 81, 147, 219, 390, 385]. — [6]) ענאַין = אַראַין [מה"ד hin în, her în (לעק' 112)]. — [7]) מה"ד bî (לעק' 23). — [8]) „דער אורקוועלל" I 271 — 272; „אם אור-קוועלל" VI 43, 97. — [9]) מה"ד vrî-tac (לעק' 355). — [10]) מה"ד gîge, schrîben, spîen (spîwen) [לעק' 81, 219, 242]. — [11]) באַיסן [מה"ד bîzen (לעק' 25)]. — [12]) מה"ד trîben, wîz, în-val (לעק' 271, 391, 114). — [13]) אייגענאָמען. — [14]) „דער אורקוועלל" I 49—50. — [15]) מה"ד ziugen (לעק 406). — [16]) „דער אורקוועלל" I 119—121. — [17]) זאַין. — [18]) באַי דעם. — [19]) מה"ק snîden, lîp (לעק' 237, 146). —

אוֹיס ס ל אָֽ ו א ק אַ י 1) : — בלאַיבען, שראַיען, ציגלאַיך, ראַיך, מאַין, ואַין , פאַיער , טאַיער , האַינט , אללעוואַיל , באַים , אַינזעהען , וואַין , בלאַי , פלאַיססיג 2) .

---

[דרום-רוסלענד. מ״מ. II.] — אין קרעמעניץ (וואָלין):

1) אַקעגען î און iu וואָרט-אין פאַר וואָקאַל און וואָרט-אוֹיס , ווי אויך אַקעגען דעם סופיקס ie , — אַי [âj ; דער a מעסיק-לאַנג ; דער j גוט אַנטוויקעלט (סוף-וואָרט — זוגאַר שווער , געוויכטיק , ווי פאַרטופּעלט)] . — אַזוי : דראַיאַ (מטבע) , דראַיי, פראַיי ; פאַיאַ, טאַיאַ, גאַיי, טראַיי ; פישאַראַיי 3).

אָנמערקונג VII. — אין קרעמעניץ: אַקעגען דער מה״ר פּרעפּאָזיציע bî — באַ (מיט קורצען a), וואָרשיינליך מחמת דעם, וויל שטייט שטענדיק אין פורהויכטוניקער זילב. — [אויך אין טורטשין, סלאַוויטע און אַנדערע ערטער — באַן ; —

2) אַקעגען î און iu וואָרט-אין פאַר קאָנסאָנאַנט—מעסיק-לאַנגער אַ (â) 4).—אַזוי : אַז, אַזן , וואַב , צאַט , לאַלאַך, א. א. וו.

אָנמערקונג VIII. — אין און דערזעלביקער שורש קען , אַלזו , וויזען דאָ דיפטונג, דאָ מונופטונג, אָפּהענגיק דערפון, צי גייט נאָכ׳ן שטאַמוואָקאַל אַ זילב מיט וואָקאַלישען צי מיט קאָנסאָנאַנטישען אָנלויט . אַזוי, למשל : דראַיי, אינדראַיין , דראַיערלעי, דראַיאַ, — און : דראַצן, דראַציטאַ , דראַסיק, דראַסיקסטאַ.—

3) אַקעגען î און iu וואָרט-אין פאַר קאָנסאָנאַנט (אַלס אויסנעם לויט אַנאַלאָגיע (בלויז אין ווערבום),— אַי .—אַזוי : די שפּאַיסט, אַ שפּאַיט, איאַ שפּאַיט 5) , שפּאַיט ! 6) [נאָך : שפּאַיין 7) , עך שפּאַיי 8), שפּאַיי ! 9)] ; די

---

1) „מיט.״ 1906 58 — 62 . — 2) מה״ר wîn, blî, vlîżec (vlîżic) [לעק׳ 386, 26, 346] . — 3) ניך: a) שלסטאַראַיי , שנאַדאַראַיי , סטאָל׳אַראַיי [פּרופעסיעס (אין קרעמעניץ שטענדיק—זאכליך געשלעכט)] ; b) בעקעראַיי, פאַר-באַראַיי [אַנשטאַלטען (אין קרעמעניץ—לשון נקבה)]. — 4) דער â איז שאַרפער פון פּויליש-יידישען קורצען a . — 5) 2טע און 3טע פערז. סינג. און 2טע פערז. פליור. פּרעז. אינדיקאַט. — 6) 2 טע פערז. פליור. אימפעראַט. — 7) אינפיניט., און 1 טע און 3 טע פערז. פליור. פּרעז. — 8) 1 טע פערז. סינג. פּרעז. — 9) 2 טע פערז. סינג. אימפער. —

שראַיסט, אַ׳ שראַיט, אַלאַ שראַיט, שראַיט! [נאָך: שראַיין, עך שראַיי, שראַיי!]. —

אָנמערקונג IX. — אין קרעמעניץ: באַכאַ, מאַלאַ, טאַז, אַזאַ, מאַז; אַ-בער: טאָובם, פאָוקן, שראָופן, קל׳אָוזן, קאָולן, פאָוורן, מאָוורן; — ווייטער: באַכל, מאַלאַכל, טאַזל, אַזל, מאַזל, טאַבל, פאַקל׳, שראַפל, קל׳אַזל, קאַלאַכל, — אובער: פאָוורל, מאָוורל. — [אקעגען מה״ר vlûm (לעק׳ 347) — אין קרעמעניץ: פלאָם — פלאָמין (מ״צ) — פלעמל (דעמינ.)]. —

אָנמערקונג X. — אין קרעמעניץ: שאָוב — שאָובם (מ״צ) [אויסער סבעמע] — שאַבל (דעמינ. (לויט סבעמע)]. —

——— אין שיעדל׳עץ (יעצט ליובלינ. ג.); אין סוליטוך (לודמערער א., וואָלינ. ג.); אין בערדיטשעוו, וואַכנאָווקי (בערדיטש. א.), באָס-ליוו (קאַנעוו. א.), קאָראָסטישעוו (ראַדאָמישל. א.), קאַמענקי און ראַכמיסטריווקי (טשיגירינ. א.), ליסאַנקי (זוועניגאָראָד. א.) — ווי אין קרעמעניץ.

[דער שיעדלעצער a אין דעם קרייז איז שאַרפער נאָך פון קרעמעניצער. אין וואַרשע מאַכט מען חוזק פון אַ שיעדלעצער: „אַ, אוט גייט נאַנצן און נאַג-ציק!“ — אַרויסרעדענדיק דעם a אין די ווערטער אַזוי באַפּעריק און שפּיציק ווי נאָר מעגליך]. —

אָנמערקונג XI. — אין בערדיטשעוו: שאָוב — שאָובם — שאַבל[1]; —

——— אין קריוואָזיר — ווי אין קרעמעניץ, נאָר דער a (אַלס מונופטונג און אין דיפטונג אַי) — קורץ[2]. —

———

[היישקיווער מונדאַרט]. — זי האָט אַקעגען די דריי מה״ד וואָקאַלען: 1) וואָרט-אויס; וואָרט-אין פאַר וואָקאַל; וואָרט-אין פאַר קאָנ-סאָנאַנט, אַלס אויסנעם [לויט אַנאַלאָגיע, נאָך די פאָרמען מיט נאָך אַ וואָקאַל פאַר דעמדראָזיקען קאָנסאָנאַנט] — אַי (äj)[3]; —

---

[1]) אין וואַכנאָווקי באַקאַנט נאָר: טאָפּליע. — [2]) אין קריוואָזיר: טאָפל׳י. — [3]) וועגען דעם אָ — זיי אויבען ז״ז 272 — 273.

2) וואָרט=אין פֿאַר קאָנסאָנאַנט — אַ (== דעם קרעמעניצער â, אַלזו — מעסיקע לענג).

אָנמערקונג XII. — אין ווישקיוו: שאָפּ (מיט קורצן o) — שאָבּם (מ"צ) — שאַבּל (דעמינ.). —

---

[די פּוילישע מונדאַרטען]. — פֿאַר זיי אַלע עקזיסטירט אים אַלגע־מיין איין כּלל, וועלכן איך האָב די געלעגענהייט געהאַט לויט אייגענע באָבאַכטונגען פֿעסטצושטעלן פֿאַר די פֿאָלגענדיקע שטעדט, שטעטלעך און דערפֿער[1].

אין וואַרשעווער גוב.: וואַרשע, פּיאַסעטשנע, יעזיאָרנע, פּרושקאָוו, טשיסטע, יאַבלאָנע (אַלע וואַרש. א.); גריצע, וואָרקע, גער, טשערסק, בלענדאָוו, מאָגיל'ניצע, סאַרטשין (גריצ. א.); בלוינע, גראָדזיסק, וויסקיטקי, זשעראַרדאָוו (בלוינער א.); סאָכאַטשאָוו, איִלאָוו, קאַמפּינאָס, סאָוויאַ־וואָליאַ (קאַמפּינ. גמ.) [סאָכאַטש. א.]; סקערניעוויץ, אַמשינאָוו (סקערנ. א.); ראַדזימין, יאַדאָוו, קאַמיענטשיק (ראַדזימינער א.); קל'יין־מינסק (== נאָוואָמינסק), שיעניצע, ל'אַטאָוויטש, קאָליבעל' (מינסקער א.); קיטנע, זשיכלין (קיטנ. א.); גאָסטינין, גאָמבין, קיערנאָזיע, אָסמאָלין (גוסטינ. א.); לאָוויטש; פּילטיסק, סראָצק (פּילט. א.); טשערווינסק, זאַקראָטשין (פּלינסק. א.);

אין פּלוצקער ג.: פּלאָצק, ווישעגראָד (פּלוצק. א.); ריפּין, פּראַשניץ; גלינאָוויץ (ציעכאַנאָוו. א.);

אין ראַדימער ג.: ראָדים, פּשיטיק, ביאַלאָבזשעג (ראַד. א.); צאָאָזמין, זאַוויכאָסט, קאָפּשיווניצע, סטאַשיוו, מאַל'יץ (צויזמ. א.); קאָזיעניץ, גניווישאָוו, ריטשיוואָל, זוואָלין, מאַגנישעוו (קוזענ. א.); קינ'צק, שידלאָוויץ, פּשעדבאָוש (קינצק. א.); אָפּאָטשנע; אַפּט, איוואַניסק, אָסטראָוויעץ (אַפּט. א.);

אין קיעלצער ג.: קיעלץ, בייטשין[3], דאַל'עשיץ (קיעלצ. א.); סטאָפּ־ניץ, כמיעל'ניק (סטופּנ. א.); וואָלאָשטשאָווע, שטיקיצין (וואָלאָשטש. א.); יענדזשעיעוו, סענדזישאָוו (יענדזש. א.); מיעכאָוו; נאַאַשטאָט (פּינטש. א.);

אין פּעטריקווער ג.: פּעטריקאָוו; לאָדזש; ראַאָווע, קל'יין־ביאַליע, באַאַשטעיטל, טאָמאַשאָוו (ראַוו. א.); בערזשין, סטריקאָוו, גלאָוונע (בערזש. א.); בענדין;

אין קאָלישער ג.: קאָליש, וויערושאָוו (וועלוינ. א.);

---

[1] די נעמען זייערע אויסגעלייגט לויט דער אורטיקער אויסשפּראַך. —

[3] Bodzentyn.

אין ליובלינער ג.: ליובלין, בעלזשיץ (ליובל. א.); ראַדזין, פאַרטשעוו (ראדזינ. א.); ריקי, פאָריסאָוו, לאַסקאַרזשיוו (גארוואלינ. א.); סטאָצק (ליקעוו. א.); אָפּאָלי (פילעוו, א.);

אין כעלמער ג.: זאַמישטש; גראַבאָוויץ (ריבשויו. א.); טישעוויץ, קאָמאַראָוו (טומאש. א.). —

די אַלע מונדאַרטען האָבען (אַקעגען די מה"ד î, iu, îe):

1) וואָרט=אין פאַר קאָנסאָנאַנט און וואָרט=אויס — אַאַ (aa) [אַנ-איבערלעגנג, וואָס ווערט כמעט איבעראל אויסגעשפּראָכען ווי א טופּעלטער a]. — אַזוי, למשל, אין וואַרשי: אַאַס, אַאַז, וואַאַב, צאַאַט, לאַאַלאָך, ווזאַאַן, בלאַאַבם, ראַאַבם, שוואַאַגן, שאַאַנע׳[1]), גל׳אַאַך, ראַאַך, דראַאַצן, דראַאַסיק, מאַאַ, דאַאַ, זאַאַ, פּראַאַנט, לאַאַט, טאַאַוול, באַאַטאַלי, לאַאַכטן, טאַאַטש, פאַאַכּט, האַאַנט, נאַאַ, נאַאַנצן, נאַאַנציק;—פּראַאַ, דראַאַ, נאַאַ, טראַאַ, פישעראַאַ, שנאַדעראַאַ, שליסטעראַאַ, בעקעראַאַ; —

2) וואָרט=אין פאַר וואָקאַל — אַי (âj) [זייער לאַנגער a (כמעט אַנ׳איבערלעגינג, וואָס דערגרייכט אין אייניקע ערטער זוגאַר ביז פאַרטופּעלונג אין אויסשפּראַך) מיט שוואַכען פאַלאַטאַלען ספּיראַנט י]. —למשל, אין וואַרשי: דראַיאָ, דראַיערלאַי; שפּאַיע׳, שראַיע׳[1]), א. א. וו.[2]). —

דער אַי (âj) האָט זיך אַנטוויקעלט פון aa און באַלאַנגט צו די יינגערע דערשיינונגען פון פוילישען דיאַלעקט.

נישט איבעראַל איז נאָך דער אַנטוויקלונגספּראָצעס שוין פאַרענדיקט. וואָס לענגער דער a איז, דאָס שוואַכער הערט זיך דער j (אין דאָס יונגער, הייסט עס, איז ער). דאָרט, ווו דער j ווערט קרעפטיקער, געשייט דאָס אַפ׳ן חשבון פון a, וואָס שרימפּט זיך איין.

אין ווי ערושאָוו, למשל, איז דער â, קען מען זאָגען, דייטליך פאַרטאָפּעלט, און דער j הערט זיך קוים.—אַזוי: דראַאַיערלאַי, שראַאַיין, שפּאַאַיין, א. א. וו. —

אין ווישעגראָד איז דער j שוין שטאַרקער, און דער â — שמעלער עטוואָס. הייסט עס: צפּוואַיער, דראַיער, שראַיער, שראַיע, שפּאַיע[3]). [אובער: דראַיערלאַי (מחמת דעם שטאַרקען טיפּטון פון ענדזילב)]. —

[1]) ווערבום (אינפיניט.). — [2]) איבער: יאַך שפּאַאַ, שראַאַ; די שפּאַאַסט, שראַאַסט; אַ׳ שפּאַאַט, שראַאַט (קוניוגאצ. פּרעז. אינדיק). — [3]) דער ע פון דער ענדזילב איז די אלע ביישפּילען — זייער געשלוסען. —

ענליך אין קאָליש: שראַיַין, שפּאַיַין, א. אַ. וו. —

אַקעגען די מה״ד וואָקאַבלען, וואָס האָבען iu פאַר שלוס-r, re (זילבענבילדענדיקער r מיט דעם סונאַנטישען עלעמענט נאָך זיך) אָדער wer, ווײַזען די פּויליש-יידישע מונדאַרטען פּאַראַלעלע געשטאַל-טען: מיט מאָנאָפטאָנג, אָדער מיט דיפטאָנג. — פאַראַן אויך אַ צווישענגעשטאַלט: דיפטאָנג מיט קרעפטיקען ערשטען גליד און זייער שוואַכען צווייטען. דאָס איז אַן׳איבערגאַנגספאָרם.

קאָליש האָט איין געשטאַלט: פאַאַר, טאַאַר, אַאַר, האַאַר [1] [מה״ד viur (און viuwer), tiur (און tiure), iur (און iuwer), hiure (און hiuwer)].

אין ווישעגראָד געברויכט דער אַלטער דור: פאַאַר, טהאַאַר, אַאַר, האַאַר; דער יונגערער: פאַאַיער, טאַאַיער, אַאַיער [בײַשפּילען פון איבערגעראַנטען צווישענגעשטאַלט] [2]. —

אין וואַרשע: טאַיוֹ [3] (מיט אַנטוויקעלטען דיפטונג), און טאַאַרי [4], טאַאַרוֹ [5]; — פאַיוֹ, פאַיודיק; — אַאַ [6] און (זעלטען) אַיוֹ; — האַאַ [7] און האַיאָע (אויך: האַיאָ); — צישטאַאַ [8]. —

אין גרליצי: פאַאַ [9], אובער: האַיאָע (האַיאָ).

אין סאָכאַטשאָוו: טאַאַרי. — אין זאַקראָטשין: האַאַר. —

אין סטריקאָוו: טאַאַר און טאַיער.

אין וויערושאָוו: טהאַאַיער, טהאַאַיערי [עלי, אָנהייב דיפטונגי-רונג], אובער: פאַיער [פאַרענדיגטע דיפטונגירונג]. —

אין גער: פאַיע.

אין ליובלין, אין זאַמישטש, אין בעלזשיץ: פאַיאַ טאַיאַ (טאַיערי), אַיאַ, האַיאָאַ (האַיאַ).

אין אָפּאָלי: פאַיע, טאַיע.

אין פּאָריסאָוו: האַאַיאַ. — אין יענדזשעיעוו: האַיעריק. —

---

1) הײַיאַר. — 2) אויך עלטערע לײַט הובען שוין איבערגענומען די נײַערע פורמען, געברויכען זיי, אובער, נאָר עמפאַטיש. אַזוי: „אוי, ס׳איז אַ פאַאַר האַאַנט!" (ד. ה.: „ס׳איז הײַנט הייס"); אובער: „אוי, ווי אַ פאַאַיע!" (ד. ה.: „אוי, ווי הייס!"). — 3) אומפלעקטירטע פירם פון אַדיעקט.; אַדווערב. — 4) פלעקטירטע פורם פון אַדיעקט. (פעמינינ.; פלוראַל פון אַלע געשלעכטער). — 5) קומפּאַראַטיוו. — 6) ד. ה. אַאַר. — 7) האַאַר. — 8) מה״ד stiure (stiur, stiuwer) [לעק׳ 249]. — 9) פײַער. —

═══ אַקעגען מה"ד schîbe: — אין קאָליש, וויערושאָוו, ווישעגראָד, בערזשין — שאַב [1] (לויט סבעמע!); — פּליוראַל: שאַבם.

אָנמערקונג XIII. — דעמינוטיווא: שאַאַבל — שאַאַבלעך [2] (מ"צ) [אין וויערושוו]; — שאַאַבל — שאַאַבלעך, שאַאַבאַלי — שאַאַבאַלעך [2], שאַאַפּיעָ — שאַאַפּיער [2]) [אין ווישעגרוד]; — שאַאַבּיע — שאַאַבּיער [אין קאָליש].

אין וואַרשי: שאָאָב [3]) — שאָאָבם (אויסער סבעמע); — דעמינ.: שאַאַבו — שאַאַבלאָך, שאַאַבאַלי — שאַאַבאָלאָך (לויט סבעמע). —

═══ אַקעגען מה"ד bî — אַפּ'ן גאַנצען געביט פון פּוילישען דיאַלעקט: באַ [מיט קורצען a (מחמת שטייט תמיד אין פורהויפּטוניקער זילב)]; אָבער: דאַבאַא [4]) (הויפּטון אַף דעם ענדוואָקאַל). —

═══ צו דעם פליוראַל און דעמינוטיוו פון די וואָקאַבלען מיט û אין מה"ד:

אין וואַרשי: דעמינוטיווא: באַאַכו, טאַאַבו, מאַאַלכו, טאַאַזו, יאַאַכו, האַאַזו, פאַאַקו, האַאַטו, שראַאַפו, מאַאַזו, קאַאַלכו, פאַאַרו, מאַאַרו;

פליוראַל [5]): באַאַכאָ, מאַאַלאָ, טאַאַס, האַאַזאָ, מאַאַס, — אויבער: טאָאָבם, כאָאָקן, שראָאָפן, קאָאָלן, פאָאָרן [6]), מאָאָרן, פאָאָסטן [7]), פלאָאָמע.—

אין וויערושאָוו: באָוּאך [8]) — באַאַכער (מ"צ) — באַאַכל [9]);
טאָוב — טאָובם — טאַאַבל; דאָס מאָויל — מאַאַלער — מאַאַלעכל;
טאָויס [10]) — טאַאַס — טאַאַזל; יאָואך — יאַאַכל; האָויס — האַאַזער — האַאַזל; פאָלק [11]) — פאָלקן — פאָלקל; האָויט — האַאַטל; שראָוף [12]) —

---

[1]) לשון-נקבה. — [2]) ע — געשלאָסען (מיט נטיה צו י). — [3]) אין דעם (אַף ז' 299) שוין דערמאַנטען „ליד פון ראַבאָניק": שאָהבין (ז' 25), שאָבין (ז' 14).— [4]) מה"ד dâ bî (לעק' 33). — [5]) דער סינגוליאַר — אויבען ז' 214. — [6]) פּע-מינינום: פאַאַטי — פאַאַטיס (מ"צ). — [7]) מה"ד vûst (voust) (לעק' 363).— [8]) אין וויערושוו, אַקעגען מה"ד û — אָוּ [איבערלאַנגער דיפטונג: דער o מעסיק לאַנג (מער ווי פּוילישע קורץ) און אָפען, מיט אַ שוואַכער נטיה צו a; דער ו — פּוילישע קורץ (זיי אויבען ז' 289)]. — זיי אויבען ז' 215. — [9]) דער ל וואָרט-אויס איבעראַל שוואַכליך, ווי אַף שוועל פון וואָקאַליזירונג. — [10]) ס וואָרט-אויס נישט אינגאַנצען שאַרף, ווי אַף שוועל פון ווערען שטימהאַפטיק. — [11]) אויסנאַם (אָנשטאָט פאָוּק). — [12]) אייך: גווינט. —

ש ר אָ ו פ ן — שראַאפל ; מאָוִיס — מאַאס — מאַאזל ; קאָוִיל — ק אָ ו ל ן — קאַאלעכל ; פאָוִיר[1]) — פ אָ ו י ר ן — פאַארל ; גאָיִסט — פ אָ ו ס ט ן — פ אָ ו ס ט ל ; די פלאָום — פ ל אָ ו מ ן[2]) — פלאַאמל. —

אין ק אָ ל י ש : דעבאָוועך[3]) — באַאכער[4]) — באַאכלטיֶע[5]) ; די טאָוב — ט אָ ו ב ם[6]) — טאַאבביֶע[7]) ; דאָס מאָוועל[8]) — מאַאלער — מאַאלטיֶע ; די טאָוועס — טאַאס — טאַאסיֶע[9]) ; האָוועס[10]) — האַאזער — האַאסיֶע[9]) ; די פאָוק — פ אָ ו ק ן — פאַאקביֶע ; די האָוועט — האַאטביֶע ; די שראָוף — ש ר אָ ו פ ן — שראַאפיֶע[11]) ; די מאָוועס[12]) — מאַאס — מאַאסיֶע ; די קאָוועל[13]) — ק אָ ו ל ן — קאַאלטיֶע ; פאָוער[14]) — פ אָ ו ע ר ן ; פאָוסט — פ אָ ו ס ט ן ; די פלאָום[15]) — פ ל אָ ו מ י ן[16]) — פלאַאמביֶע. —

אין ו ו י ש ע ג ר אָ ד : באָוועך[17]) — באַאכער[18]) — באַאכל[19]) (דעמינ.)

---

[1]) פעמינינום : פאַארטי. — [2]) אין דעם אבזאץ ש פ א צ י ר ט די פורמען, וואָס אויסער סבעמע. — [3]) דער כ—וועלארלויט (נאָר נישט צו שטאַרק געכוּרכעלט). — [4]) דער ר וורט-אויס אין אומבאַטאָנטער זילב — קוים-קוים שוואַכער ארטיקולירט און עטוואָס געכורכעלט (דער אַזויגערופענער „צעפל-ר״). — [5]) די דעמינוטיווא אין קאָליש — זאכליך געשלעבט. — [6]) ש פ א צ י ר ט אין דעם אבזאץ די אויסערנורמיקע פורמען. — [7]) דער פ ל י ו ר א ל פון די דעמינוטיווא ווערט געבילדעט דורך צוגעבען א ר צו דער ענדזילב. — [8]) דער קאָלישער ע אין ענדזילב שטענדיק שטאַרק געשלאָסען. — [9]) פאַר דעם (j) א געריוש, וואָס קען פאַרנומען ווערען נאָר בא שטאַרקער אָנשטרענגונג פון געהער (דער לעצטער שפור פון כ, וואָס איז איבערגעגאַנגען אין שטימהאַפטען ספּיראַנט j). — [10]) אין ק אָ ל י ש באַטייט דער נומען אי א הילצערן, אי א שטיינערן הויז. — דער נומען מ ו י ע ר אומבאַקאַנט. דער שורש געברויכט נאָר אין ווערבום : מאָורן. — [11]) פאַר דעם j א שטאַרקער געריויש, וואָס לוזט זיך שוין אויפאַסען אלס זייער-זייער שוואַכער כ-לויט. — דער פליוראל, אלס אויסנעם : שראַאפיֶען. — [12]) א גרויסע מויז : די ראַט. — [13]) יעדער אויסלויז-ל (אין אומבאַטונטער זילב) אין קאָליש קוים-קוים צושווימען, ווי אַף שוועל פון וואקאַליזירונג. — [14]) פעמינ. : פאַארטי. — [15]) אויך גל׳יבי — גל׳יבים. — [16]) אקעגען מה״ד û — אין קאָליש, ווי מיר זייען : אָו : איבערלאַנגער דיפטונג ; דער o (מער אלס פוילישע קורץ) עטוואָס קרעפטיקער פון u [באַר מ — דער u כמעט ווי נישט געהערט]. — [17]) אקעגען מה״ד û — אָו [איבערלאַנגער דיפטונג מיט גלייכגעוויכטיקע גלידער (דער o — פוילישע קורץ, געשלאָסען ; דער u — פוילישע קורץ)]. — [18]) דער וואקאַל אין דער ענדונג ער געשלאָסען, מיט נטיה צו י. — [19]) דער דעמינוטיוו מיט׳ן סופיקס ל הוט

== באַכאַלי 1) (אימינוט.) == באַאַכײַע 2) (דעמינוט.); טאָוב—טאָובם 3) —
טאַאַבל == טאַאַבאַלי == טאַאַפּײַע 4); מאָועל 5) — מאַאַלער — מאַאַלאַכל 4)
== מאַאַלכײַע; טאָועס — טאַאַז — טאַאַזל == טאַאַסײַע; יאָועך—יאָוכן —
יאַאַכל == יאַאַכאַלי == יאַאַכײַע; האָועס — האַאַזער — האַאַזל == האַאַסײַע;
פאָוק—פאָוקן—פאַאַקל—פאַאַקאַלי == פאַאַקײַע; האָועט — האַאַדל; שראָועף 7)
— שראָופן — שראַאַפּל == שראַאַפּאַלי == שראַאַפּײַע; מאָועס — מאַאַס —
כאַאַזל == מאַאַזאַלי == מאַאַסײַע; קאָועל — קאָולן — קאַאַלכל 8) ==
קאַאַלכײַע 9); פאָוער 10) — פאָוערן — פאַאַרל == פאַאַרכײַע 11); מאָוער 12) —
מאָוערן — מאַאַרל 13) == מאַאַרכײַע; פאָועס 14) — פאַאַזל == פאַאַסײַע;
פלאָום — פלאָומ — פלאַאַמל == פלאַאַמכײַע. —

== דער העברעישער דיפטונג aj ווערט אין וואַרשע (און איבערהויפּט אין פּױ-
ליש-יידישען דיאַלעקט), וואָרט-אין פאַר קאָנסאָנאַנט און וואָרט-אויס, מאָנאָפטאָנגירט אין די
איבערלעינג aa. — אזוי: אַלוואַאַ 15), אַווירַאַאַ [און: אַוראַאַ 16)], גידאַאַ 17)
(דער הויפּטאָן דאָ איבעראַל אַף דער ענדזילב). —

אַנמערקונג XIV. — כאַסאָרי 18) (מיט קורצען a, ווייל הויפּטאָן אַף
מיטעלזילב). — 19)

— אין קראַסנאָסטאַוו (ליובל. ג.) — ווי איבעראַל אַפ׳ן

---

די מערצאָל אַף לעך (באַאַכלעך, וכ׳).

1) דער אימינ. מיט'ן סופיקס אַלי הוט די מ"צ אַף אַלעך (באַאַכאַלעך, וכ׳). —
2) דער דעמינ. מיט'ן סופיקס כע הוט דעם פּלוראַל אַף ער (באַאַכיער, וכ׳). —
3) שפּאַציִרט — די אויסע נורמיקע פורמען. — 4) פאַר j אַ שוואַכליך געראַוישל, סימן
פון ד״ר אומוואַנדלונג, וואָס דער שטימלוזער פּאַלאַטאַלער ספּיראַנט פון סופיקס כע
הוט דורכגעמאַכט. — 5) דער ע פון ענדזילב איבערהויפּט אביסעל געשלאָסען; פאַר
ט, ס, ל וואָרט-אויס שטאַרקער געשלאָסען, הערט זיך ווי י. — 6) דער וואָקאַל פון דער
ענדזילב — צווישען a און e [פּליור.: מאַאַלעכלעך]. — 7) אויך: גווינט. —
8) מ"צ קאַאַלעכלעך. — 9) דער ל קוים-קוים געריִרט מיט פּאַלאַטאַליזירונג. —
10) פעמינ.: פאַאַרטי — פאַאַרטיס. — 11) דער אויסלוז פון כ ווי ווייכליך עטוואָס. —
12) שטיינערנער בנין; שטיינערנע וואַנט. — 13) די דעק איבערן באַקויווען הייסט
מאַאַרל. — 14) סינגולאַר און פּלוראַל. — 15) הַלְוַאי. — 16) וְהָא רַאְיָה. —
17) כְּדַאי. — 18) ווייבערישער נאָמען: חַיָה־שָׂרָה. — 19) אין וואַרשע (און אין גאַנץ
פּוילען): גאָאָ (גוי), גאָאָי (גויע), ס׳גאַיִיס (פּלוראַל פון פעמינינום? — אָדער
קאָלעקטיוו. נומען?).

געביט פון פוילישען דיאַלעקט; נאָך די איבערלעגנג aa וואָרט-אויס האָט אַ טענדענץ צו דיפטאָנגירונג. אין דראַאַ, פראַאַ, טראַאַ, א. אַ. וו., הערט זיך אין דער קראַסנאָסטאַווער מונדאַרט סוף-וואָרט ווי אַנ׳עמ-בריאָן פון j. —

——— אויך אין לענטשני (ליובלינ. ג., ליובאַרטוו. א.) — ווי אין אַלע פוילישע מונדאַרטען; נאָך וואָרט-אויס עקזיסטירט שוין דאָרטען אַ נאָרמאַל אַנטוויקעלטער דיפטאָנג aj (פוילישע קורץ מיט קרעפּטיקען פאַלאַטאַלען ספּיראַנט). אַזוי: דראַי, פראַי, א. אַ. וו. —

אַנמערקונג XV. — אין לענטשנ: — א יין פורם: פאַיאַ טאַיאַ, א. אַ. וו.

[דרום-רוסלענד. מ״מ III.] — אין די ווענגראָווער מונדאַרטען [אין דער וויגערָאָווער, ווי אין דער ווענגערָאָווער [1]] — ווי אין לענטשני.

אַנמערקונג XVI. — אין ווענגרוו — אַי אויך פאַר קונסונאַנט, וורט-אין (אין ווערב, לויט אַנאַלוגיע): שראַי, שראַיסט, שראַיט, וכ׳. —

[די בוקווינער מונדאַרט]. — אין די פאָלקלאָריסטישע קליינקייטען אויס דעם קאַנט [2]: פראַטיג, באַטען, בלאַבען, אַנגעפאַללען, שנאַר [3], זאַן, זאַגע, אראַן.

אלזו: וואָרט-אין פאַר קאָנסאָנאַנט — לאַנגער מאָנאָפטאָנג [4]. —[ווי זענען די פאַרהעלטעניסען וורט-אין פאַר ווקאַל און וורט-אויס, איז פון די ביישפּילען נישט צו זיין]. —

[1]) ד. ה. אין דער ?-מונדאַרט און אין דער עי-מונדאַרט. — [2]) „דער אור-קוועלל״ I 13—14, 344, 345. — [3]) == שניירט (3 פערז. סינג. פרעז.). — [4]) צי איז דאָס איינפאַכע לענג צי איבערלענג, איז, נאַטירליך, אומעגליך צו אורטיילען. נאָר גיכער פון אַלץ איז עס איינפאַכע לענג (בוקווינע באַרירט זיך מיט׳ן געביט פון די דרום-רוסלענד. מ״מ). —

[די גאַליציִשע מ"ם]. — אויס מזרח-גאַליציע[1]) :

1) וואַב, שוואַיגן, מאַנער, זאַן, זאַנע, פֿראַנד, לאַז, האַנט, נאַן, האַער, וואַטער, וואַל, דאַוואַל, אַראַן, שטראַמעל[2]), קאַלאַכיק, באַם[3]) ; בראַנע[4]). —
2) דראַי.

[ציִ איז דער â — נורמאַלע לענג, ציִ איִבערלענג, איז דאָ ניִשט צו וויסען]. —

אויס סטאַניִסלאַוו[5]) :— וואַאַב, צאַטען, גלאַך, מאַן, דאַן, זאַן, מאַלער, זאַט[6]), אָבשנאַדען, וואַל, דאַרוואַל, אַראַן, אַנגעהאַנדעלט, קנאַפּען, שראַבען, אָב-צוראַססען, ראַס[7]), אַך[8]).

[זול פֿון דער פֿורם וואַאַב געדרונגען זײַן, אַז דער סטאַניִסלאַווער â איז אַנ'-איִבערלענג ?]. —

אויס גאַליציע[9]) (אָהן גענויערע באַצייכנונג פֿון געגענד) :
1) מאַן, דאַן, זאַן, שאַי, לאַט, זאַט, האַנט, אַראַן ;
זאַ[10]). —

[די קוואַנטיִטעט פֿון דעם מונופֿטונג אין דער קוועלע ניִשט באַצייכענט]. —

נאָך אויס גאַליציע[11]) (אָהן באַשטימונג פֿון אורט) :

1) וואַב, צאַט, לאַט, שראַט, מאַול, קלאַול, פּאַנער[12]) ;

2) טאַרע[13]).

[וואָסער לענג דער מונופֿטונג איז, איז פֿון דער קוועלע ניִשט צו זיין]. —

אָנמערקונג XVII. — די גאַליציִשע מונדאַרטען נייטיקען זיך ערשט אין גע-נויערע פֿורשונגען. נאָר לויט אייניקע סימנים קען מען פֿורויס זאָגען, אַז אַ טייל פֿון די

1) „דער אורקוועלל" I 121—122, 273—279. — 2) מה"ד strîmel (לעק' 252). — 3) באַ דעם. — 4) ווײַב. נאָמען. — 5) „דער אורקוועלל" I 14—15, 345—346. — 6) == זינט (פֿון דער צײַט אָן, ווען ...). — 7) מה"ד knîfen, schrîben, rîzen (לעק' 128, 219, 200]. — 8) מה"ד juch (iuwich) [„דער ניבעלונגע נוט"... 15]. — 9) „דער אורקוועלל" I 239 — 242. — 10) איִמפּעראַטיִוו (2-טע פּערז. סינג.) פֿון זאַן (זאָגן). — 11) „מיט", 1910, 151—125. — 12) מה"ד fîn (לעק' 342). — 13) טײַערע. — אין דערזעלביקער קוועלע: יאָרצאַט (מיט קורצען a, חײַל אין אומבאַטאָנטער ענדזילב). —

מונדאַרטען שטימען, וואָס שייך צו דער טעמע פון אונזער נוטיץ, מיט די דרום־רוסלענדישע (II), אַנדערע — מיט די פּוילישע. —

---

[צולאָגן]. — דער דעמינוטיוו־סופיקס כע, וועלכען מיר האָבען אויבען (אף ז״ז 312—313) געזייען אין די מונדאַרטען פון קאָליש און ווישע־גראַד, ווערט גאַנץ אָפט באַגעגענט אין מערב־טייל פון פּויליש־יידישען געביט. מיר הערען אים אין צפון־זייט — אין מלאַווי, למשל; און זאָגאַר גאַנץ נאָנט פון וואַרשע. די גענויע גרענעצען פון זיין פאַרשפּרייטונג דאַרפען ערשט פעסטגעשטעלט ווערען [1]. —

אויך די פראַנקפורטער (אם מיין) יידישע מונדאַרט, ווי זי שפּיגעלט זיך אָפּ אין אברהם טענדלאַוס שפּריכווערטערזאַמלונג [2], פאַרמאָגט דעם כע־סופיקס. אַזוי, טרעפען מיר דאָרט: Unthätche [3], Seeferche [4], Tippelche [5], Nägelche [6], Riegelche [7], Siebenche [8], Wart-e-Weilche [9], Gelche [10], Toomerche [11], Chasserche, Füssche [12], Stätche [13], Hôregche [14], Jüngelche [15], Blättche [16], א. אַ. וו. —

ווי ד״ר אַ. לאַנדוי ווייזט־אָן אין זיין אויסגעצייכענטען עטיוד: „דער דעמינוטיוו פון דער גאַליציש־יידישער מונדאַרט״ [17], — קומט־פאָר אין דער רעדעלהיימער אויסגאַבע פון „מעשה בוך״ (1753) די פאָרם: Lemche, פליוראַל — Lemcher; אין ספר „שמחת הנפש״

---

1) אין מישיניעץ (ניט שיין אריין אין געביט פון ליטווישען דיאַלעקט), וואָס ליגט נישט ווייט פון מלאַווי, צו מזרח צו, — און אין ווישעגראַד (דרום־צו פון קאָליש) איז דער סופיקס אומבאַקאַנט. —

2) Sprichwörter und Redensarten deutsch=jüdischer Vorzeit.—Frankfurt am Main.—1860.—

3) == דעם פלאַטדײַטשישען Undächt (ז' 25). — 4) ספרל (ז' 50). — 5) פלעקעלע, שפרענקעלע (ז״ז 26, 158). — 6) צו נאָגעל (ז' 26). — 7) צו ריגעל (ז' 73). — 8) דאָס זיבעטל אין קאָרטען (ז' 77). — 9) „וואַרט אַ ווייל״ (ז' 86). — 10) דעמינ. פון נאָמען געלע און פון געלט (ז' 88). — 11) דעמינ. צו טאָמער (ז' 95). — 12) חזיר'ל, פיסל (ז' 102). — 13) שטעטל (ז' 127). — 14) דעמינ. צום העבר. הרוג (ז' 165). -- 15) יינגעל (ז' 167). — 16) בלעטל (ז' 189). —

17) „Deutsche Mundarten“.. Herausgegeben von Dr. Johann Willibald Nagl. — B. I, H. I, s. 46 ff. (Wien 1896). —

(גלצבאך, 1798) — די פאָרמען: קרעמכע און גרענכע; אין בליטצס תנ"ך-איבערזעצונג: קינאינכער (מ״צ). —

די מיטעלנידערדייטשישע שריפטשפראַך האָט געהאַט די דעמינוטיוו־ענדונגען ‎-kin‏ און ‎-ken‏; די מיטעלדייטשע (שוין פון 11-טען יאָרהונדערט אָן) — ‎-chin‏ און ‎-chen‏ (נאָך גוטוראל — ‎-len‏). —

די נה"ד שריפטשפראַך האָט: ‎-lein‏ און ‎-cden‏ (דער לעצטער אַמ־פאַרשפרייטסטען אין פּרוזע). ‎-chen‏ קומט געוויינטליך נאָך איינזילביקע שטאַמען און נאָך אָפּלייטונגען אַף ‎-el‏ און ‎-er‏ (נאָך גוטוראלע ספּיראַנטען קען די ענדונג ‎-chen‏ נישט שטיין)[1].

אין די היינטיקע דייטשישע מונדאַרטען זייען מיר:

אין נידערדייטש, אין ריינפּרענקיש — די ענדונג ‎-ken‏ (מ״צ ‎-kes‏) [די געבילדעטע זאָגען-אַרויס: ‎-chen‏ (‎-cher‏)];

אין נידעררייניש, אין פראַנקפורט, אין אויבער-העסען און נידערהעסען, אין וועטעראַו, אין טירינגיש-הענעבערגישען — ‎-che‏; אין נאַסאַו — ‎-chen‏ (אין דער קינדערשפראַך: ‎-che‏); אין שפעסאַרט, רען, באַם מיטעל-ריין — ‎jə‏[2].

אין דער ריינפּאַלץ, אין נאַסאַו און אין טירינגען ווערט (לעבען ‎-che‏) באַגעגענט אויך ‎-elche‏ (באַזונדערס נאָך גוטוראלען אויסלויט)[2]. —

דער פּליוראַל פון די דעמינוטיוואַ איז: אין אויבערהעסען, אין נאַסאַו, אין נידעררייניש, אין פראַנקפורט: ‎-er‏; אין אויבערזאַקסיש און אין עלטערען שלעזיש — ‎-ichen‏[2]. —

דער כ אין די יידישע מונדאַרטען, וואָס ווייסען דעם סו־פיקס, באַלאַנגט צו די ריין-פּאַלאַטאַלע לויטען און ווערט אויסגעשפּראָ־כען ווייך, שטרעבענדיק איבערצוגיין אין שטימהאַפטיקען ספּיראַנט.

אין ווישעגראָד, למשל, זענען אין דער הינזיכט די פאַר־העלטעניסען אַזעלכע:

1) נאָך וואָקאַל הערט זיך ch, ווייכליך אין אויסלויט; — אַזוי:

טאַטיכע, מאַמיכע, יכאַליכע[3];

2) ב, ווייכליך אין אויסקלאַנג, הערט זיך אויך:

א) נאָך ר (ביישפּילען אויבען אַף ז' 313);

[1] ווילמאַננס, l. c. II 320—323. — [2] א. לאַנדוי l. c. — [3] צו ת ל ה. —

ב) נאָך: ל׳: שפּיגל׳כע, — דער כ וואַקסט ארויס די טענדענץ איבערצוגיין אין שטימלאָזן פּאַלאַטאַלן עקספּלאָזיוולויט ק (פּראָגרעסיווע אסימילאַציע־ווירקונג פון ג?); —

ג) נאָך די דענטאַלע עקספּלאָזיווּלויטן ט און ד (דער ד ווערט דערביי פאַרשאַרפט ביז ט) —: רעיטכע, בעיטכע[1], העגטכע, וועגטכע, הינטכע, דיטכע[2];

ד) נאָך דעם שטימלאָזן דענטאַלן ספּיראַנט ס: — פּעססכע[3];

ה) נאָך דעם דענטאַלן נאַזאַל נ: מאַננכע[4], זינכע, שפּינכע. — ווען די דעמינוטיווּפאָרם האָט אַן אַנדער שטאַמוואָקאַל ווי די נאָרמאַלע פאָרם (אַקעגען מה״ד אומלויט פון שטאַם־a), דערשיינט צווישן נ און כ א ט; אזוי: העינטכע, שפּעינטכע[5]; —

ו) נאָך דעם בילאַביאַלן נאַזאַל מ: קעמכע[6];

ז) נאָך דעם שטימהאַפטן פּאַלאַטאַלן עקספּלאָזיווּלויט ג; צווישן דעם ג און כ דערשיינט דערביי ל׳, און דער כ וואַקסט־ארויס א טענדענץ זיך צו דערנייענטערן צו ק (זיי אויך דעם פּונקט ב). ווי למשל: איגל׳כע;

3) דער כ גייט האַלב איבער אין י; עס הערט זיך, אַלזו, א צווישענלויט, וואָס הייבט זיך אָן אַלס ch און לוזט זיך אויס אַלס j. איך באַצייכן דעם לויט אַזוי: כֿ. — ער דערשיינט:

א) נאָך ק: גל׳יקכֿיע (דער ch־טייל קרעפּטיקער פון j־טייל (ווייל נאָך עקספּלאָזיווּלויט?)];

ב) נאָך כ (!): באַכֿכֿיע (דער ch־טייל שוואַכער פון j־טייל (מחמת נאָך ספּיראַנט?)]

ג) נאָך די ליפּענלויטן פּ און וו; — אַזוי: רעיווכֿיע[7], שיפּכֿיע (דער j־טייל שטאַרקער פון ch־טייל (מחמת נאָך ספּיראַנטן?)];

ד) נאָך דעם שטימלאָזן בילאַביאַלן פּ: קעפּכֿיע, טעפּכֿיע (דער ch־טייל געוויכטיקער פון j־טייל (מחמת נאָך עקספּלאָזיווּלויט?)].

ה) נאָך דעם אַפריקאַט צ: — קעצכֿיע, טעצכֿיע (דער j־גליד שטאַרקער פון כֿ־גליד (מחמת נאָך דעם ספּיראַנט ס?)];

---

[1]) צו ראָיט (ראָד), באָיט (באָד). — [2]) אַזוי עקסער (מטבעה) = 3 קאָפּיקעס. — [3]) צו פּאַסס. — [4]) צו מאַנן (און אויסלויט דײטליכער ווײַטער לאַנגער, שוואַכער און קרעפּטיקער n. — [5]) צו: האָן (האָן), שפּאָן (שפּאָן). — [6]) צו: קאַם. — [7]) צו: ראָף (רב׳). —

ו) נאָך ל (ביישפּילען — אויבען אף ז' 313); —

4) נאָך ב הערט זיך אַ j, עטוואָס שווערליך, איינגעהילט אין אַ גערויש, ווי אין אַ דין היטעל — רעשט פון דעם געוועזענעם כ, פון וועלכען דער י האָט זיך אַנטוויקעלט; דער ב ווערט דערביי פאַר־שאַרפט אין פּ, וואָס איז, אָבער, קוים־קוים וויכער פון דעם געוויינליכען שטימלוזען עקספּלאָזיוולויט; — אַזוי: קעלפּיע[1] (דעם גערויש איז, נאַטירליך, אומעגליך איבערצוגעבען אין דרוק); —

5) נאָך דעם שטימהאַפטען ספּיראַנט ז (וואָס ווערט דערביי פאַרשאַרפט אין ס, וועלכער הוט אובער דוך נישט די שאַרפקייט פון דעם געוויינליכען שטימלוזען ספּיראַנט) און נאָך שטימלוזען ספּיראַנט ש (וואָרשיינליך, אַדאַנק דעם ch, וואָס איז אין אים פאַרשמולצע) הערט זיך: j מיט אַ שוואַכען פאָרגערויש (וועלכער דערמאַנט אָן דעם געוועזענעם שטימלוזען פּאַלאַטאַלען ספּיראַנט, וואָס איז געווארען שטימהאַפּטיק). — אַזוי: טאַאַסיע, מאַאַסיע, פּישיע, טאַשיע, פלעשיע. —

══ אין קאָליש:

1) צווישענלויט כּי — נאָך ד, וו, ר; — אַזוי: רעידכּיע[2] יאַאַקיווכּיע[3], אָורכּיע[4]; —

2) צווישענלויט כּי (דאָס צווייטע גליד שטאַרקער פון ערשטען) — נאָך ט, ב, מ, ק; — אַזוי: מעיטכּיע[5], האַאַטכּיע; טאַאַבכּיע; באַימכּיע[6]; פּאַאַקכּיע;

3) טי — נאָך ג, כ, ל, נ (נאָך די פּאַלאַטאַלע קומט נוך צו אַ ל); — אַזוי: אַיגלטיע[7], באַאַכלטיע[8], מאַאַלטיע[9], העינטיע[10];

4) י מיט אַ שטאַרקען פאָרגערויש (שפּור פון געוועזענעם ch) — נאָך ש; — אַזוי: טעשיע[11];

---

[1]) צו קאַלב. — [2]) צו ראָיד (ראָד). — [3]) צו יאַאַקיף (יעקב). — [4]) ס'־אָוער (אויער). — [5]) צום וולגאַרען מאָאָט. — [6]) צו בוים. — [8]) צו אויג (דער g אַ טענדענץ צו k). — דער ט רעזולטאַט פון פּרוגרעסיווער אַסימילאַציע (ווירקונג פון ל)? — [9]) אויך דערשיינונג פון אַסימילאַציע?. — [10]) צו האָאָן [אויך אַסימילאַציע (ווירקונג פון נ)?]. — [11]) טאַש ══ קעשעני (דאָס לעצטע וורט אין קאָליש נישטאָ). —

5) י מיט אַ שוואַכערען פורגערויש — נאָך פּ, צ; — אַזוי: טעפּיע[1]), שטעציע[2]);

6) כמעט רײַנער י — נאָך ז (וואָס ווערט פאַרשאַרפט צו אַ מילדען ס) און פ; — אַזוי: טאַסיע, שראַפּיע. —

══ אין סאָמפּאָלנ׳ (קאָליש. ג., קײַלער א.):

1) כ, ווײַכליך אין אויסלויט: — נאָך וואָקאַלען; נאָך די ליקווידע ל, ר; נאָך די נאַזאַלע מ, נ; נאָך די דענטאַלע ט, ד (וואָס ווערט פאַרשאַרפט אין אַ מילדען ט); נאָך די עקספּלאָזיווע גומענלויטען ק, ג (וואָס ווערט פאַרשאַרפט אין אַ מילדען ק).

אַזוי: טאַטיכע, מאַמיכע[3]), כאַליכע[4]), באָביכע[5]), קלויס-קיכע[6]); — באַיגיל׳כע, שפּיגיל׳כע[7]), שליסעלכע, לעפעלכע, זעמעלכע,

---

[1]) צו טופּ. — [2]) צו שטאַך (=== שטאַרץ). דאָס וואָרט באַטײַט אין קאָליש: a) דעקעל צוג׳ אַ טופּ (אין קרעמעניץ: פּאָקרישקי); b) מוזיקאַלישער אינסטרומענט (קלעזמערישע טאַץ). מ״צ שטאַצן און שטאַרצן. דאָס וואָרט טאַץ איז אין קאָליש אומבאַקאַנט; די כלי, אַף וועלכער מ׳דערלאַנגט צום טיש געשיר, הייסט דורטען: טאַבלעט (הויכטון אַף ענדזילב) [подность]; מה״ד (לעק 263) tabulête [פאַרצײַכנונג (פון דעם פּלאַנעטענלויף) אַף אַ ברייט] (מיטעללאַטייניש tabulata). — די כלי אונטער אַ גלאָז — פּאָדסטאַווקי (אין קרעמעניץ — שאָל) [блюдце]. — [3]) קינדערדעמינוטיווא צו טאַטי, מאַמי. — [4]) צו חלה. — [5]) באָבע: (פון פּוילישען baba, babka) — אַ פּוטערקוכען, וועלכען מ׳ מאַכט געווײַנטליך אַף שבועות; באָביכע — שבועותדיק פּוטערקיכל. — [6]) צו: די קלויסקי [a) פּסח-קניידל; b) גרובער לוקש]. פּויליש: kluska, klòsek, klusek. — נור דער ל׳ אין דעם סומפּולנער וואָקאַבל דערלויבט גיכער צו רעכענען, אַז דאָס וואָרט איז אין די דורטיקע מונדאַרט איבערגעגאַנגען נישט פון פּוילישען, נור פון דײַטשישען. מה״ד (לעק׳ 127) klôź; נה״ד kloss. — [7]) צו באַיגל, שפּיגל (מיט רײַנעם ניט פּאַלאַטאַליזירטען ל); אין דעמינוטיוו, צווישען ג און כ, ווערט דער ל מעסיק פּאַלאַטאַליזירט, — דערבײַ פאַרלירט ער אין אַ געוויסער מאָס זיין זילבענבילדענדיקען כאַראַקטער, וואָרום עס שפּירט זיך פאַר אים דײַטליך אַ וואָקאַל (אמת, אַ שוואַכער). אויך אין די פולגענדיקע 6 בײַשפּילען פאַרלירט דער ל זיין זילבענבילדענדיקען כאַראַקטער. —

טיכעלכע, טרענדעלכע[1], אַרביז׳כע; אויערכע, וואַסערכע[2], לאַמטעירכע[3], שיל׳קערכע[4]; — פלאָומכע[5], קעמכע[6], ברעימכע[7]; טינכע[8], מענכע, זינכע, הענכע, שלאַינכע[9]; — העכטכע[10], גרעיטכע[11], פריטכע[12], פערפירליכטכע[13], העטכע, ווענטכע, הינטכע, דיטכע[14], העמטכע[15], מעיטכע[16], רעיטכע[17]; — פאָקכע[18], בעינקכע[19], איקכע[20], אוירינקכע[21]. —

2) כי[22] — נאָך ש; — למשל: פישכיע, טעשכיע, פלעשכיע[23];

3) י (שוואַכער, לייכטער ספּיראַנט) — נאָך כ, — ווי: באַכיע[24], רעיטעכיע, ראָשכוידישרעיטעכיע[25]. —

---

[1] טרענדל (חנוכה-דריידל). אין ווישעגרוד: טרענדעלי (מ״צ טרענדע-לעך). מה״ר (לעק׳ 271): trendel, tr ndel. — [2] == טייכל. אין סומפּולני „טייך" אומבאַקאַנט. „וואַסער" האָט דאָרט צוויי מיטשען: a) aqua, b) טייך. אַ גרויס שטייענדיק וואַסער: יעזער. זאַדיוואַסע — סודעוואַסער. — [3] לאַמ-טעיער. אין ווישעגרוד: לאַמטעיער, לומטעיער. אין קרעמעניץ: לאַמטערן (ליפּ-שיץ 112). — [4] == פּאַרפל. אַמאָל (זעלטען) געברויכט מען דאָרט אויך: פּער-פעלכע. — [5] פלאָום (דער o פּוילישע קורץ, אַלזוי — קרעמעניצער לענג; דער u — ווייניקער ווי פּוילישע קורץ, שאַרפער און לייכטער פון o) — פלאָומען (מ״צ). — [6] צו קאַם. — [7] צו ברעם. — [8] צו טין (אַ געוויינטליך וואָרט אין פּאָלקסמויל). פאַס — אין כוספּולני געברויכט בלויז פון סוחרים („אַ פאַס נאַפט, אַ פאַס איל" וכו׳). — [9] צו מאַן, זין (filius), האָין (האָן), שלאַין (линь). — [10] צו העכט (щука). — [11] צו גרעיט (מ״צ: גרעיטן): ביין פון אַ פיש, פון אַ הערינג. מה״ר (לעק׳ 84) grât. — [12] עקזיסטירט בלויז אין דעמינוטיוו. פריכטער. „דינע מצה־לעך. טייג מיט אייער אויסגעוועלגערט גאַנץ דין און געפּרעגלט אויף איל אודער שמאַלץ. מ׳עסט דאָס אין פּורים — אַ זאַיכע, אַ! מ׳וט אופגעהונגען המנ׳ען אין פּסח". — [13] „אַ פאַיערל — שפרינגט אויפ׳ן פעלד זומע אין אָווענט". — [14] אַ מטבע. — [15] אַ לייבל, אַ טריקוט. [פון העמד]. — [16] צו מאָט. — [17] צו ראָעט (ראָד). — [18] צו פאָאָק — פאָאָקן (מ״צ). — [19] אַ קליינע שטול. (פון באַנק). — [20] צו אויק (מיט מילדען ק) — אויגן (מ״צ). די אינטעליגענטערע זאָגען: אויקכע. — [21] באַקאַנט בלויז דער דעמינוטיוו. „אוירינג" — נישט געברויכט. — [22] ווי אויבען ז׳ 318 פ. 3. — [23] צו פיש, טאַש („קעשעני" — אומבאַקאַנט), פלאַש. — [24] צו באָעך. — [25] ראש־חודש׳רעיטעכל [אַזוי רופט מען אין סומפּולני די קליינע רעיטעכלעך]. —

4 ? (קרעפּטיקער, נור רויער, האַרבער ספּיראַנט, אין וועלכען עס שפּירט זיך, אז ער קומט פון דעם ch) — נאָך די לאַביאַלע פּ און ב (וואָס ווערט פאַרשאַרפט אין מילדען פּ), פּ און וו (וואָס ווערט פאַרשאַרפט אין וויכען פּ); נאָך די דענטאַלע ספּיראַנטען ס און ז (וואָס ווערט פאַרשאַרפט אין מילדען ס) און נאָך דעם אַפריקאַט צ [פאַר f און פאַר z הערט זיך א לייכטער פורגעריוש צו דעם j, וועלכער איז, הייסט עס, נוך הארטער, נוך „האַריקער"]; — אזוי: קעפּיע, טעפּיע [1], קרעפּיע [2], טאַפּיע, שאַפּיע, קעלעפּיע [3]; שיפּיע, רעיפּיע [4]; טינטפאַסיע [5], קאַריסיע [6], האַסיע, מאַסיע [7], געגטסיע [8], קעציע, טעציע [9]. —

אָנמערקונג. — דער פּליוראַל פון די אַלע דעמינוטיווא — מיט דער ענדונג r (וועלכע ווערט כמעט לגמרי ניש געהערט): קעמכער, טינכער, וכ׳. —
══ אין מאַקאָוו (לומז. ג.) ווערען די דעמינוטיווא פון נאָמינא געבילדעט מיט דעם סופיקס -עלאָ [10]; — צ. ב.: אָין (האָן) — ענדל — ענדעלאָ, ין (הון) — ינדל — ינדעלאָ.

---

[1] צו קופּ, טופּ. — [2] קרעפּל. — [3] צו טאָפּ — טאָבם; שאָפּ — שאָבם; קאַלב. — [4] צו ראָאָף (רב). — [5] צו: „דאָס טינטפאַס" (טינטער — אומבאַקאַנט). — [6] קאַריס׳ (פּ׳ karaś, ר׳ карась). — [7] פון הועס, מועס. — [8] צו גאַנדז. — [9] ══ טעצל (אונטער א גלאָ.). [טאַץ — подносъ; שטאַרץ (מ״צ: שטאַרצן) — קלעזמערישע כלי]. —

[10] אייגענטליך, איז אין זייער פיל יידישע מ״מ אָפּגעריבען די גרעניץ צווישען דעמינוטיוו און אימינוטיוו. — אין אייניקע שטעדט (למשל, אין מאַקוו, קולני, ווישעגרוד) הוט דאָס פולק אַנגעווירען פאַר דעם -ל דעם חוש אלס פאַר דעמינוטיוו-סופיקס. דאָס נעמט זיך, אין א געוויסער מאָס, דערפון, וואָס עס זענען אין דער יידישער שפּראַך פאַראַן סובסטאַנטיווא, וואָס ענדיקען זיך מיט זילבישען -ל און זענען נישט דעמינוטיווא (שפּיגל, קוגל, פליגל, נאָדל, פּינטל, זעמל, אייניקל, וכ׳), אודער ווערען שוין נישט אויפגעפאַסט אלס דעמינוטיווא [„מיידל" — девушка, „מיידעלע" (-אלי, -עלי, וכ׳) — девочка („מויד" — ווערט אין א סך יידישע מ״מ גאָר אויפגעפאַסט, אלס וולגאַריש וואָרט, אלס זידלוואָרט; אין אנדערע — אין דער באַטייטונג: „דינסטמויד"). — „בעינקל" — אין קרעמעניץ געברויכט נישט אלס דעמינוטיוו פון „באַנק" (скамья), נור מיט דער זעלבסטשטענדיקער טייטש „שטול" (стулъ); דער אימינוטיוו „בעינקאלי", ווידער, ווערט אויפגענומען אלס דעמינוטיוו פון „באַנק" און פון „בעינקל"]

נומינאַ מיט אויסלויט-ן קענען, נאַטירליך, נישט בילדען דעמינוּ-טיוואַ מיט דעם סופיקס ־ל; פאַר זיי איז פאַראַן דער סופיקס ־אַכל [אין ווישעגרוד [1])] , ־כעלי (אין קוליני) , ־אַכן [גאַליציע [2])] , ־עכל (מאָסקווע), א. א. וו. . —

אָבער אין מאָסקווע:

a) פון קאָ̂אָ̂ל[3]): — לעבען קאַלעכו[4]) — קאַלטיאָ̂[5]) (עפּטער);

b) פון מאָ̂אָ̂ל: לעבען מאַלעכו[6]) — מאַלטי[7]). —

פון מיל, שפיל, דאַגעגען, בלויז: מילעכו — מילעכלעך, שפילעכו — שפילעכלעך.

דער סופיקס ־טיאָ̂ אין די צווייטע דעמינוטיווא — וואָרשיינליך פאַרטראָגען פון יענע געגענדען, וווּ דעמינוטיווא ווערען געבילדעט מיט דעם סופיקס ־כע[8]).

אַנמערקונג XVIII. — ־עלאָ̂, ־טיאָ̂ — מאָסקווער פורמען פאַר ־עלע, ־טיע. — אין מאָסקווע ווערט איטליכער אומבאַטאָנטער ענדוואָקאַל (אין העברעישע ווערטער אויך) אויסגעשפּראָכען אַלס o (איבערקורצער, רעדוצירטער וואָקאַל, אָבער מיט

---

ווען איר לעיגט-פור אַ מאָסקווער, לומיר אָנכאַפּען, אײַך צו זאָגען די פאַר-קלענערונגספורם פון אַ הויפּטוואָרט, וועט איר, צום ערשטען, דערהערען פון איהם דעם אימינוטיוו. ערשט נאָך אויספירליכע און לאַנגע דערקלערונגען פון אייער זייט, וועט דער מיטשפּרעכער אײַך אָנרופען דאָס געשטאַלט מיט ־ל (אײַך צוליב צו טון; אַליין, באַ זיך, איז ער נישט מסכים, דאָסדוזיקע געשטאַלט צו אָנערקענען אַלס ריכטיקען דעמינוטיוו). — אַ קוליגער הוט מיר אויסגעטײַטשט: „שרוּף — אַ גרויסע; אַ קליינע — שראַיפעלי". — „און שראַיפל"? — הוב איך אַ פרעג געטון. — „דאָס איז אַ מיטעלע שרוּף", איז געווען דער ענטפער. —

אין אַ טייל מ"ם זענען פאַראַן ווערטער, פאַר וועלכע עס עקזיסטירט בלויז דער אימינוטיוו. אין מאָסקווע, צום ביישפיל: באָ̂אָ̂ך — באַכעלאָ̂, יאָ̂אָ̂ך — יאַכעלאָ̂ („באַכל", „יאַכל" — אומבאַקאַנט!). [אין קרעמעניץ, דאַגעגען: באָ̂וך — באַכל — באַכאַלי, יאָ̂וך — יאַכל — יאַכאַלי]. —

[1]) זיי אויבען ז' 313. — [2]) מילאַכן, שפּילאַכן (א. לאַנדוי l. c., 48). ליפשיץ ברענגט: שפילעכן. [דרייזין 169: שפילכיל]. — [3]) צום שיסען. — [4]) זעלטען געברויכט. דער כלל־אַל קאַלעכלעך — עפּטער שוין. — [5]) מ"צ: קאַלטיער. — [6]) מ"צ: מאַלעכלעך. — [7]) מ"צ: מאַלטיער. — [8]) זיי אויבען ז' 319 (קאָלישער טי). —

אומצוויִיפעלהאַפטער קלאַנגפאַרב) ; — צ. ב.: באָבו 1), לאַנגו 2), דאַגו 3), מודו 4), פאַרוו 5), טאַטו 6), שוואַבו, אוזעלבו 7), כאַלו, קאַלו 8), מאַטו 9), מילכאָמו 10), מאַאַנו, נאַטו 11), מאַאַסו, כאַרפו 12), שוואַרצו, דיקו, טאַערו, וואַרשו, פּולִיצִיו 13). וכ׳. —

---

[אָנמערקונגען]. — אין גאַנצען פאַרדען נאָטיץ איז די רייד, נאַטירליך, פון וואָקאַלען אין הויכבאַטאָנטער זילב. —

——— צו די דרום-רוסלענדישע מונדאַרטען. וואָס זענען aj אַקעגען מה״ד î, îu, îe (זייִ אויבען ז׳ 303), באַלאַנגען אויך די מ״מ פון קאָמראָווי 14) (לומז. ג., אוסטרוו. א.), לאָשיץ (כעלם. ג., קונטט. א.), גרויס-ביאַלי (כעלם. ג.).

——— אין צעטעל פון די פּוילישע שטעדט (אַף ז״ז 308—309), וואָס זייערע מ״מ האָבען aa אַקעגען מה״ד î, îu, îe, דאַרפען אַריינגעטראָגען ווערען:

אין וואַרשעווער ג.: באַדאַרושין (בלוינ. א.), באָלימאָוו (לויוויטש. א.), נאַשעלסק (פּולט. א.);

אין פּלוצק. ג.: ראַצוינזש, זשוראָמין (שעפּס. א.), באָדזאַנאָוו (פּלוצק. א.);

אין ראָדעם. ג.: וושמעזשיץ, יעדלינסק, סטראָמניץ, סקאַרישעוו, קווייוו 15) (ראָד. א.); דרילטש, סאָלעץ, טאַרלאָוו, קאַזאַנאָוו (דרילזש. א.), ראַדאָשיץ (קינסק. א.);

אין קעלצ. ג.: נאַאַשטאָדט (סטופּניצ. א.); וואַאַטליץ, זאַלאָשיץ 16), (פּינטש. א.);

אין פּעטריק. ג.: בזשעזשניצי (נואוראַדומסק. א.);

אין קאַליש ג.: אָזירקוו, פּאָדעמביץ (לענטשיצ. א.), סאָמפּאָלני (קאָלער א.);

---

1) אין טופּעלער טייטש: א) גרויסמוטער; ב) קובען. — 2) לאַנגע (פלעקטירטע פורם פון פּעטינינ.; פלעקטירטער פלוראַל פון אַלע געשלעכטער). — 3) דָּאָגָה. — 4) מורע. — 5) נישט פליישיק, נישט מילכיק. — 6) טאַטע. — 7) שוואַבע, אַזעלכע. — 8) חַלָּה, כַּלָּה. — 9) מאַטע. — 10) מִלְחָמָה. — 11) מיינע, נאַסע. — 12) מַעֲשֶׂה, חֶרְפָּה. — 13) שוואַרצע, דיקע, טייערע, וואַרשע, פּוליציע. — 14) Komarów. — 15) Klwów. — 16) Działoszyce. —

אין לובלינ. ג.: גאַרוואָלין, טראַאַניוו (גאַרוואָל. א.); פּיליוו, יוזעפאָוו (פּילעוו. א.); ליקיווי; יאָניוו, קראַשניק (יאָנעוו. א.);
אין לומז. ג.: מאַקאָוו.

— אין מאַקאָוו — ווי אין וואַרשע[1].
אובער: שפּאַאַן, שראַאַן[2] (אינפיניטיוו).
און, אין מאַקוּוּ: פּאַאַר, טאַאַר, צישטאַאַר.
טאַאַבעלאָ[3], באַאַכער, טאַאַס, אַאַזער, מאַאַס[4] א. א. וו.

— אין גאַישטעטל (פּעטריק. ג., רעוו. א.): טהאַיע, טהאַיערע. —
אין פּילוו (ליובל. ג.): טהאַאַיע, טהאַאַיערי; פּאַאַיע, האַאַיע, —
אין קערגוויע: האַאַר.

— אין דרילטש: שאָאָב[5]) [מ"צ: שאַאַבם[6]); דעמ': שאַאַבו[6])]. — אין קולנע (ליטווישע מ' אַף פּוילישען געביט): שאָופּ[5]) [מ"צ: שאָובם[5]); דעמ': שאַיבעלי[6])]. — אין גרויסביאַלע: שאָוב[5]) [שאָובם[5]) — שאַיבל[6])]. —
אין סקידל: שויב[5]). —

— אַף ז' 316, אין קאַפּיטעל „צולאָג", 4-טע שורה פון אָנהייב, זענען די ווערטער „אין מלאווי, למשל" — לגמרי איבעריק (אַריבערגעטראָגען אַהער, על פי טעות, פון אַנ'אַנדער שטעלע). די לעזער זענען געבעטען, די דאָזיקע ווערטער אויסצומעקען.

אַף ז' 317, שורה 6 פון אויבען, דאַרף זיין: „-lein און -chen".

אַף דערועב"ביקער זייט איז דער אויסדרוק „ריין-פּאַלאַטאַלע" געברויכט אין זין: „אולטראַ-פּאַלאַטאַלע" (דער אַוויגערופענער Ich-ch).

אַף ז' 321, אָנמ' 3 אונטער'ן טעקסט, דאַרף זיין: „אין קרעמעניץ: לאַמטעירן"; אין דער אָנמ' 12 אונטער'ן טעקסט: „פּריטכער". —

---

[1]) אאַס, אאַון, וואאַב... א. א. וו., פראאַנט....., נאאַן..., פראַאַ (אָבער: פראַיער), דראַא, געטראַא (אָבער: געטראַיער), שנאַאַדער, שנאַאַדעראַא.... — נ'ר גאַאַי (אָדיעקט) — אַנאַלאָגיע נאָך גאַיער].

[2]) נומען: שראַיער. [די פאַראַדיגמע פון פּרעזענס פון די צוויי ווערבען: „איך שפּאַאַ, שראַאַ; די שפּאַאַסט, שראַאַסט; ער שפּאַאַט, שראַאַט; מיר שפּאַאַן, שראַאַן; איטץ שפּאַאַט, שראַאַט; זאַי שפּאַאַן, שראַאַן"]. —

[3]) דעמינ' פון טאָאָפּ (מ"צ: טאָאָבם). —

[4]) מ"צ צו באָאָך (ch—וועלאַריש), טאָאָס, אָאָס (ד. ה. הויז). —

[5]) אויסער סבעמע. — [6]) דוים סבעמע. —

# קלײנע הוספות און אויסבעסערונגען

## צו די „דיאַלעקטאָלאָגישע פּאַראַלעלען און באַמערקונגען"[1].

[צו ז"ז 213—214]. — די װ אַ ר ש ע װ ע ר מונדאַרט (און אַנדערע פּױליש-ייִדישע מ"ם) הובען אַקעגען מה"ד הױכטוניקען û ש ט ע נ ד י ק איבערלאַנגען o.

אויסער די בײַשפּילען, װאָס זענען געבראַכט אַף די ז"ז 214, 223 — 225, 227, 228, נאָך אייניקע: גראָאָלן[2], — בראָאָן[3], — גראָאָם[4], פלאָאָם[5], שאָאָם[6], זאָאָמע[7]; — גראָאָפּ[8], — טראָאָב[9], קלאָאָבם[10]. —

---

1) אויבען ז"ז 213—325. —

2) װערב. — מה"ד (לעק. 85): grûweln. —

3) אַדיעקט. — (לעק. 30: brûn. — אין װ אַ ר ש ע אויך: בראָנעטאָ (פלעקטירטער אַדיעקט מאַסק') — בראָנעטע (פעם') [מיט קורצען o, מחמת דער הויכטון איז אַף דער צװײטער זילב], אַקעגען מה"ד brûnet (l. c.). —

4) אַדיעקט און אַדװערב. — לעק' 71: gerûm. —

5) נומען. — לעק' 347: vlûm. —

6) נומען. — מה"ד: schûm (לעק' 221). —

7) װערב. — לעק' 256: sûmen. —

8) נומען. געװײנטליך אין פלוראַל: גראָאָפּם (דעמ' מ"צ: ג ר אַ אַ פּ ל ו ך). — פרי-נה"ד (אין 15-טען יאָרהונדערט) קומפּוזיטום: îsgrûpe (אין מיטיש „Hagelkorn"). נה"ד: Graupe, שװעדיש: grjupe, groepe („שרויט"), רוסיש: krupa. מ'רעכענט, אַז דער װוקאַבעל שטאַמט פון ס ל אַ װ י ש ע ן (זעי: „Etymologisches Wörterbuch der deutschen Sprache, von Friedrich K l u g e"... Strassburg, 1915. S. 178) —

9) נומען. — לעק' 273: trûbe. — [געװײנטליך אין קומפּוזיטום: װאַנטראָאָבם (מ"צ); אַפ'ן צװײטען גליד שטאַרקער טיפטון — דעריבער דער שטאַם-װוקאַל װײַנער נישט רעדוצירט]. —

10) װערב. — לעק' 127: klûben (מיט דער טײַטש: „פליקען, שטיקלעכװײַס א פ ט ײַ ל ע ן; רויבען, גנבענען; שטיקלעכװײַס צורײַסען"). —

זאָאָפּאָ [1], זאָאָבֿן [2]; — לאָאָט [3], — פּלאָאָדאָרן [4], שאָאָדאָרן [5], — פֿאָאָסט [6], — לאָאָז [7], לאָאָזן [8], — כאָאָשן [9], פּלאָאָשן [10], ראָאָשן [11]; — האָאָכן [12].

אָנמערקונג. — הובען מיר oo: פֿאַר די סונורלויטען (r, l, m, n), גוטוראַלע (k, ch), דענטאַלע (ט, ד, ס, ש, ז). לאַביאַלע (p, b, f). —

═══ דער איבערלאַנגער o קומט־פֿור אין פֿולקסביבער, וואָס וועגען פֿאַרפּאַסט פֿון פוילִיש־יִדִישע מחברים און אַנטהאַלטען איבערהויפּט אַסך דיאַלעקטולוגִישען מאַטעריאַל.

---

1) נומען: „זויפֿער". —

2) ווערב (זעי ז' 222, אָנמ' 1 אונטער'ן טעקסט). —

3) אַדווערב („לווט ווי יאך מיין!"); פּרעפּוזיציע („לווט וואַנע ריד"...). — לעק' 152: lût. —

4) ווערב. — שפּעט־מה"ד: plûdern (קלוגע 348).

אין וואַרשע אויך: פּלאָאָדראָוואַסאָ (נומען). ווען איינער רעדט אַסך, פֿרעגט מען אים: „וואָס, הוסט אַגִינִמע פּלוודוואַסו?" —

5) ווערב. — „ס'שוודוט מוך" (=„ב'ציטער", „ס'פֿיבערט מיך"). — לעק' 220 ברענגט: schûdern, אובער קלוגע 386 רעכענט, אַז דאָס נה"ד schaudern הוט נישט קיין מה"ד טאַטע, נור שטאַמט פֿון נידערדײַטשישען schuddern [מיטעלנידערדײַטשיש און נידערלענדיש: schudden (אין טײַטש „שוקלען, ציטערן")]. מיטעלענגליש: schudderen, ענגליש: schudder.

אין וואַרשע אויך הויפּטוורט: שאָאָדאָ (קלוגע l. c. ברענגט, Schauder, נור אָהן עטימולוגִישער דערקלערונג). —

6) נומען. — לעק' 363: vûst. — 7) נומען (לעק' 152: lûs). —

8) ווערב (לעק' 152: lûsen). —

9) ווערב. — לעק' 277: tûschen (מיט דער טײַטש: „קאַטאָוועס טרײַבען; שפּעטען; נאַרען; באַשווינדלען; בײַטען"). —

10) ווערב (=„פּלוידערן"). — אין בײַעריש־עסטרײַכִישען דיאַלעקט: plau-schen (לויט קלוגע, 348, פֿאַרוואַנדט מיט plaudern). — [אויך: פּלאָאָשאָ (נומען; מאַסק'), פּלאָאָשאָרן (נומען; פֿעמ'). —

11) ווערב. — לעק' 204. rûschen. —

12) ווערב (עפּטער ווערט געברויכט דער ווערבאַלער נומען: „הווך"). — מה"ד (זעלטען אפילו): hûchen; נה"ד hauchen (קלוגע 194). —

אווי, אין „פון שטערן אדער קאמעט"[1]: ...„גענומען זיך אביאשפיהל פון דעם קאמעט וואס ער הייסט „ביער־גא" (ווייל דער שטערן־זעהר ביעלע האט עהם ענטדעקט) און וואס זיין ארים גיין ארים דער זון, דארט[2] זעקס יאהר"... (ז' 15); „דארך[3] דאס ווארט פון גאטט זענין דיא הימלען געוואָרן, אין דארך דעם האהך[4] פון זיין מויל אללע הערשארין"... (ז' 23)

אין „דיא געהיימניסע פון יענער וועלט[5]: ...„גְרַאנַאטִ־עֶפִּיל. בַּארְנֶעס. פְּלָאמֶען"...[6] (ז' 101); ...„אין הַאלְב בְּרָאט־וָאך[7] אויסגֶעזוּפְּט"... (ז' 31); ...„צְוַוייטֶענְס; וָואס הָאב איך מִיך גֶעבְרָאכְט[8] צוּ בָּאדִי אין דֶער הַיים"... (ז 90); ...„אין גֶעהְט, וִויא אַקְלֵיינֶער סְטוּדֶענְט הָאכְט[9] זֶעך אין דיא הֶענְד" (ז' 15); ...„זָאפִּין[10] פְּרֶעסִין"... (ז' 40); ...„אין דָאס וַוייסֶע קְרָאט"...[11] (ז' 88); ...„וָואס טִיט זֶעך אין דְרָאסִין"[12] (ז' 14); „מֶע הֶערְט שוין קֵיין רָאשִין"[13] (ז' 100).

...ין „דער הרם דרבנו גרשון אדער די וויבערישע קניפּעד"[14]: ...„אין שְטֶל דיא זאך גירוּמְט[15]) אין דיא אוירען"... (ז' 16); „דיא הָאהְר שְטֶעלְן זיך קַאפּויר הַא עֶס גְרוּלְט"...[16] (ז' 27); ...„אַנְוַאדִי בַּייא דיא קֶערְמֶעלֶעך גְפְרֶעסֶן גְזָאפֶּען[17]) דיא ווילְסְט דיך צוּ מָאל נִישְט טְרִינְקֶן אַבִּיסִיל בְּרָאפֶּען הָאסְט דיר אָהְן גְלֵייגְט דֶעם טְרֶעלְבַאך דֶעם בָּאך[18]) קֶענְסְט נִישְט אַרָאפּ שְלִינְגֶען אין

---

1) איבערזעצט אוים דעם פוילישען דורך גדלי' בעללאה (ווארשע 1857). —

2) doort (=דויערט). — 3) „דורך". —

4) hooch („הויך"). —

5) פון גוסטאוו מאקמאן (ווארשע 1865). —

6) צום גראם: ...„מילגראמען"... (אלזו: „פלומען"). —

7) „יוד". — אף ז' 70, ווידער: ...„ניט צו האבין אביסיל יאעך"... — הייסט עס, אין דעם ווקאבעל לאנגער שטאמוואקאל (וועגען דעם ־אָע־ זעי אויבען ז' 215). —

אף ז' 70 אויך: ...„נאר מיט מיינע אויסגעדארטע פינגער, מיר צוא קלאבין אין באעך"... —

8) „געברוכט". — 9) „הויכט". — 10) „זופן". — 11) „קרויט". —

12) „אינדרויסן" (אדווערב). אויך אף ז' 15, 118. —

13) „רוישן". — 14) ווארשע 1882. —

15) „גירוימט". — 16) „גרוילט". —

17) „גזויפן". — 18) „בויך". ז' 8: „דער בוך טוט דיר וויא"... —

לעפיל יאָאָך 1) ...״ (ז׳ 7); ״בּראכקט 2) שוין צו ווערין אביסיל גוט אין פרום״ (ז׳ 12); ״אללע מינוט ארום 3) גבאין מיט קלאג אין יללות״ (ז׳ 29).

אין ״דיא חברה קדושה סעודה״ 4): ״זאגט ר׳ שבנא־די זאלסט קאבין קארט פלם מיט אפאלמישע 5) יוך 1) ... נאר דוא זאלסט למעה״ש אריין טוען אין דיא יוך אסאך פעפרישקע״ (ז׳ 5); ״קאם 6) וואס זייא שלעפין דיא פוס״... (ז׳ 11); .. ״דאדוירך האט זיא זיך איין ביסיל פאר זאמט 7) ביי דעם וואסער״...

אין ״מגילה ישרה פין מפלת המן״ 8); ״ער איז קאם 9) די געכט איבער גיקומען״ ... (ז׳ 13); ...״אונ עס איז עהם 10) געביך גוואָרין אונ 11) באך 12) קאלט״... (ז׳ 58); ״גיזאפין״ 13) (ז״ו 24, 30); ...״אין הט אוף 14) זיי אן גזאגט איין שמועה״ ... (ז׳ 22); ...״אונ האבין אלי דרוף גיקלערט״... (ז׳ 42); ״ליגען אום

---

1) ״יוך״. — 2) ״ברוכסט״. — 3) ״ארום״. —

4) ״די חברה קדושה סעודה אדער ר׳ אריה דער בעל מנגן דא ווערט דער ציילט פיל קריטישע זאכין, פין דיא פאר צייטישע וועלט. אויך קומט דא פאר דיא פין דיא פאר צייטישע חברה קדושה וויא אזוי זייא האבין זיך נוהג געוועזין מיט ...טע אונ מיט דיא לעבעדיגע. אויך ווערט דא דער ציילט פון איין חברה קדושה גבאי וואס האט גימאכט איין סעודה פאר דיא חברה לייט. אונ מען האט דיא סעודה אויעק גיגנבת. אונ דעם גבאי האט מען איין גיזעצט. — ווארשא. בדפוס ר׳ מאיר יחיאל האלטער שמאלע מילדע נומר 2. שנת תרמ״ג לפ״ק (1883). גרוים 8⁰. 40 זייטען (די ז״ז 39 — 40 פארנעמט ״דער ליד פון פארוואָרפענעם שלום וואסער טרעגער״).

אין רוסישען טייל פון טיטעל־בלאט איז אלס ״ארויסגעבער און מחבר״ אנגעוויזען חיים גרינבערג. —

5) אויך אין קרעמעניץ: פאלטש (=פאלש). —

6) ״קום״. — 7) ״זוומט״. —

8) פון ישראל יחיאל דואבנער אוים אוסטראווען (קראקא 1884). —

9) ״קום״ (אויך ז״ז 38, 50). —

10) פויליש־יידישער דאטיוו און אקוזאטיוו פון פערזענליכען פראנומען דריטער פערזאן (=״אים). —

11) =אין. — 12) ״בויך״. — 13) ״גיזוופן״. —

14) אויך אין ״חרם דרבנו גרשון״: ...״אין עפין אוף איהם אמויל וויא אשלייען״ (ז׳ 5); ... ״אין זיא וועט זיך נאך אפשר אשייטל אוף קעמען״... (ז׳ 17). —

בשטרעקט[1] אויף דעם סדר נאנין פרייליעך" (ז' 22); „וואס מאכסטי דראס[2] אזוי אזאך"... (ז' 14). —[3]

אין „טיראנישען מלמד"[4]: „ווען מען הייבט אן פון זייא צוא פאר־ציילען זייערע מעשים זייערע שטיקלעך שטעלען זיך די האר קאפויער — עס גראלט[5] זיך כמעט צו הערין" (ז' 53); .... „לאז מען אויס ראמען[6] דאס שלעכטס פון דיא[7] שטאט (ז' 49); „שא! זאגט זיא פלאדער[8] נישט קיין נארישקייטין" (ז' 18).

אין „פרנס המתגאה"[9]: „עפינין מאהלין[10] אויף גיפרענילטע קאה־לין[11] (ז' 18); ...„געבראטענע שוואמין. עפפיל פקאמען" [12]... (ז' 18); „מיט דרייסיג יאהר צו ריק האט מען שוין גיקלערט א שוך צו מארין[13], נאר ווער

---

1) „אויפגישטרעקט". — 2) „דרוים" (דערוים). —

3) אף ז' 36: ...„זיצט ביי ביר און האעס"; — אף ז' 11: ...„אין האט אן גימאכט א גרויס גראעש, אז דווקא דער מלך ז.ל מאכין מיט דעם ווייב א טאעש"... [וועגן „אָע" זעי אויבען ז' 215]. —

4) פון אברהם נוסבוים (ווארשע 1885). — 5) „גרוילט". —

6) „רוימען" (אויך אף ז' 50). — אף ז' 73: ...„מען האט זייא נאך נישט אראפ גיראמט פון דעם טיש"... —

7) אין די פויליש־יידישע מ"ט ווערט דער באשטימטער ארטיקעל פעמינינ אין סינגולאר, געוויינליך, נישט דעקלינירט. — אויך אין דעם ציטיר־טען בוך, וואס איז אנגעשריבען געווארען פון א פוילישען ייד, אזוי. למשל, אף ז' 4: „ליגט נישט וייט פון דיא פרייסישע גרענעץ"...; „און פאר דיא מיר גייען ארום א פאר ווייסע ציגען"; „פון אונטער דיא הארבאנד האט אוים געזעהען עפעס בלאלעך"; „אליקום איז ארום גינאנגען איבער דיא שטוב אהין און אהער" (און אזוי כמעט אף איטליכען זייטעל; אף א סך — צו עטליכע מאל). —

8) „פלוידער". — 9) פון בדחן שמואל וויינטרויב (ווארשע 1888). —

10) „מוילין" (מ"צ פון מויל). —

11) „קוילין" (א געריכט — פון פלייש, געוויינליך). — ז' 32: ...„וואלט מען איהם תיכף ומיד מיט קאהל גישאסין" („קויל" — פון א ביקס אודער רע־וואלווער). —

12) „פלוימען". —

13) אף ז' 60: „משמשים האבין דעמאלט נישט געהאט קאמעניצעס צו בארין". („מיירן"). —

װײַסט צו די מחשבה טובה װעט נאָך נישט אַ פּאָר הונדערט יאָהר געדאַרין"[1]) (ז' 20); „איהר מעגט זיא אַפילו אײן מאַכין אין זאַרין"[2]) (ז' 26); ...„נבֵילות וטרֵיפות צו פרעסין אונ צו זאַפין[3])"... (ז' 52); „אַ פּאַרונ־יונג[4]) אונ אַ טרעגער װיא קומט דר צו" (ז' 52); „אויף זיין צורה איז צו דער קענין איין װיסטין טראָער[5]) (ז' 66). —

---

[צו ז' 215]. — „אָו" אַקעגן מה"ד הויכטוניקן û הובן אויך די מ"מ פֿון די שטעדט: װיערושוו (קאַליש. ג., װלוינ. א.), קאַליש, װישעגרוד (פלוצק. ג. און א.), — דערבײַ שטענדיק.

אין װיערושוו (אויסער די בײַשפּילן, װאָס זענען געבראַכט אַף ז"ז 311—312): באָוין, גיטראָוין; — באַדראָורן, דראָוירן, טראָוריק, — פֿאָויל; — פֿערזאָום־, ראָום־[6]), קאָום, — בראָון[7]); — טראָוב[8]), קלאָובם, — זאָופן; — בראָוכן; — קראָויט, — אָום, אַראָום[9]), — טאָוזנט, — טאָושן[10]), ראָושן[11]).

אָנמערקונג. — אין װיערושוו: שטרום[12]) (מאַסקולינום) — מיט קורצן שטאַמוואָקאַל. מה"ד: strâm, strân[13]) (לעק' 250); stroum, strôm

---

1) ז' 27: „עס מעג אַפילו 4 װאָכין געדאַרין..." („גידוורן"). —

2) ד. ה.: „זוורן". —

3) ד. ה.: „זוופן". — ז' 33: ...„פרעסט אונ זאַפט פֿאַר יודישע פּראַצע". —

4) „פֿאָארנ־יונג". — 5) „טרויער". —

6) אַנראָום־ (אַסוד), אָפראָום־ (די שטוב). — אין בײדע דיפטונג קורץ, מחמת הויכטון אַף פֿורזילב. —

7) עפּטער: „בראָנדזער קאָלײער". — [איך פֿרעגט: „סאַר'אַ קאָלײער איז דאָס?" — ענטפֿערט איך אַ װיערושװער: „ברונץ!"]. —

8) אין װאַנטראָוב איז דער דיפֿטונג (װײַל אין נאָכהויכטוניקער זילב) קורץ. — מ"צ: טראָובם. —

9) „אָוסנעם־ — נעם־אָוים; אַראָוסנעם־ — נעם־אַראָוים". —

10) „טוישן געלט" (אויך: „װעקסלען געלט"). —

11) אימפּעראַטיװ: ראָויש. —

12) ... װאַסער. — 13) בײדע פֿורמען אין טײַטש: Strom, Strömung; Weg, Richtung; Streifen, Lichtstreifen, Strahl. —

(לעק' 252); strûm (לעק' 253). זאָל מען דעם וויערושזשער ניִמען צוריקפיִרען צום נה"ד ? Strom[1]. —

אין קאָליש (אויסער די בײַשפּילען, וואָס אף ז' 312): גיטראָוין; — זאָוער, גידאָוערן[2]; באַדאָורן, טראָורן[3], טראָוריק, — פּאָועל[4], — דאָומינפּינגער, זאָומין, ראָוטין[5], שטראָום[6], — בּראָון[7]; — זאָופער (מ"צ: זאָופערם)[8]; — יאָועך[9]; — קראָיעט[4] (פּעמ'), — אָום, אראָום[10], — טאָוזנט, — טאָושן, ראָושן.

אין ווישעגראָד (אויסער די בײַשפּילען, וואָס אף ז' 312—313): באָוע[11], פּעטראָוע, — זאָוער, בּידאָורן, גידאָורן, מאָורן, טראָוריק, — פּאָיעל, — זאָימב, ראָומב, קאָום, — בּראָין[12]; — בּראָוכן[13], גישטראָוכל וועירן; — טראָיב[14], קלאָיבּם, — זאָופן; — אָום, אראָום[15], — טאָוזנט, — טאָושן, ראָושן, גערָאָועש.

---

1) וועגען u פֿון דער וויערושזשער פֿורם וולט דאַן געגולטען דאָס, וואָס כ'ברענג אין מײַנע „דיאַלעקטאָלאָגישע פֿאָרשונגען" I 33. —

2) און: גידירן. —

3) זעלטען געברויכט. — 4) דער ע שטאַרק רעדוצירט און געשלוסען. —

5) די שטוב [אַגראָמין (אַכוד)]. —

6) אין טײַך. — מה"ד Strûm! —

7) „בּרוין קאָלעיר" (אויך: „בּרונזוווי קאָלעיר"). —

8) אובער: „אוף" [„אופ'ן טיש"; „אופהייבּם, הייב־אוף"]. —

9) ע שטאַרק רעדוצירט און געשלאָסען. — [ווייער זעלטען געברויכט. עפּטער: בּרי (לשון נקבה) — מה"ד brüeje, נה"ד Brühe (קלוגע 71); דערפֿון דאָס יידישע בּריִען (ווערב) — מה"ד brüen, brüejen]. —

10) „אַרומגענומען, אומגעיבּם"; אובער: „געבּשרונים, געבּאוּנים". —

11) ...„אַ הוועס". —

12) אין ווישעגראָד ווערען געברויכט 2 אדיעקטיווען אין טײַטש פֿון נה"ד braun: a) בּרוּמשוּווי (העלערע פאַרב), b) בּרוין (טונקעלערע). —

13) „כ' בּרויעך". — 14) אין מ"צ: וואַטראָובם, איז די צײַטונג קורצליך, מחמת נעבענטוניק. —

15) „אַרומגעמב, אומגעין"; אובער: „נעם־אַרויעס, געבּאוּעס". —

אָנמערקונג. — אין ווישעגראָד: שטרום[1] (מיט קורצען u); שטראָמעדיק[2]. — אין שלעכטאויסגעבאַקען ברויט קומט־פור איינגעווייניק, אַרום דאַרינען, אַ גרויער, פעטליכער שטרייף, — רופט מען אים אין ווישעגראָד: „וואַסערשטרום"[3]. —

די גרענעצען פון ־אָע־ אין דער גובערניע מ' דאַרפען נאָך פעסטגעשטעלט ווערען[4].

לעת־עתה זאָל וועגען דעם דיפטונג אָנגעמערקט ווערען, אַז ער קומט־פור נור אין ענדזילבע[5]. ווערט די זילבע מיט אים איבערגערוקט אין אינלויט אַריין, און מ'פּט דערביי נישט דורך דעם אומלויט, — גייט דער דיפטונג איבער אין oo[6]. —

דער ־אָע־ (עווענטועל ־אָי־) קומט פור אויך אין אַנדערע פוילישע־יידישע מ"מ, אָבער נור פאַר געוויסע לויטען און נור אין געוויסער שטעלונג.

אויספירליכער וועגען דעם — אין באַנד III פון מיינע „זאַמעלביכער".—

דער ווערב „גידירן" ווערט געברויכט אויך אין: ושיכלין, פילווו, מאַקווו, וויערושוו; יאַגיסטווו[7], מישניץ; בערדיטשעוו.

ער קומט־פור אויך אין דרוקזאַכען. אַזוי, למשל:

„דיא געהיימניסע פין יענער וועלט" (וואַרשע 1865) ז' 89:

„עס האט ניטשט לאַנג געדירט"...

„מאַגאַזין פון יודישע לידער פאַר דעם יודישען פאָלק"[8] ז' 72:

„אונ גידירט סך הכל איין מינוט"...

„מגילה ישרה פון מפלת המן" (קראָקע 1884) ז' 43: „אונ דם הט אזו לאַנג געדיערט"...[9] —

1) נומען: „לויפעדיק וואַסער". — 2) אַדיעקט. —

3) אויך מה"ד הוט דער ווקאַבעל (אויסער אַנדערע באַטייטונגען) די טייטש: „Streifen" (זעי אויבען ז' 331). —

4) איך הוב וועגען איר בלויז קנאַפּע שריפטליכע מיטיילונגען, וועלכע שעפען נישט אויס די טעמע. —

5) זעי אויך אויבען ז' 328 אָנמ' 7 אונטער'ן טעקסט, און ז' 330 אָנמ' 3. —

6) דאָסאייגענע גילט פאַר'ן מוזשיצער ־אָי־ (דער ־י־ איז דאָ — געשלומענער e). — 7) Augustów (סוואַלק. ג.). —

8) פון ש. בערנשטיין אויס קאַמיניץ־פּודולסק (וואַרשע 1880). —

9) ענליך אף ז' 47. —

[צו ז' 216]. — אין ברוק קומט דער ־אָו־ פֿור אין ברייטע גרענעצען; אַ גע־גויער בילד פֿון דער דערשיינונג דאַרף, אָבער, ערשט פֿעסטגעשטעלט ווערן. — אין גרויס־ביאַלע [1] דאָמינירט ־אָו־, — הוט, אָבער, אַ קאָנקורענט אין o (פּויל̈ישע קורץ; אַלזו, אַפֿ'ן דרום־רוסלענדישן מאַסשטאַב, — לאַנ־גער וואָקאַל) — פֿאַר r (טיילוויז) l, m, n.

אַזוי: באָוען, געטראָוען [2], — מאָוא [3], פּאָוא [4], זאָוא, טראָו־ארן [5]; — פּאָוק [6], — באָוך [7] יאָוך [8]; — טאָוב [9] (פֿעמ'), קלאָובם, — זאָופּא, שראָוף [10]; — אָוט [11], קראָוט, — פֿאָוסט, — טאָום [12], מאָוס, טאָוזנט [13].

אָבער: גערדאָרן [14], — מאָל, קאָל [15], פּאָל, — פֿלאָם [16], שטראָם [17], זאָמען, צוראָמען (די: שטוב), איינראָמען (אַ סוד), קאָם, — בראָן. —

1) זעי אָנמ' 2 אונטער'ן טעקסט אַף ז' 216. —
2) 3־טע פּערז' סינג' פּרעז': „געטרויעט". —
3) ווערט זעלטען געברויכט. עפּטער: קאַמעניצע (פּויליש Kamienica). —
4) מ"צ: „פּוואַרן"; דעמ': „פּוואַרל"; פֿעמ': „פּייאַטע". —
5) פּרעז': „טרוואַ, טרוואַסט, טרוואַט". —
6) מ"צ: פּוקן [ווערב: פּוקן]; — דעמ': פּיקל. —
7) מ"צ: ביכאַ; דעמ': ביכל. —
8) דעמ': יאַיכל [איבערהויפּט, עפּטער דער נומען „זופּ"]. — [„גע־בריכן" — אומבאַקאַנט; מ'זאָגט: „באַדאַרפֿן"]. —
9) מ"צ: טובם; דעמ': טייבעלע. —
10) מ"צ: שרופֿן; דעמ': שרייפֿל. —
11) דעמ': אייטל (ד. ה.: „הייטל"). —
12) „הויז" — אומבאַקאַנט (מ'זאָגט: שטוב). —
13) אָבער: „אויס, אַרויס" [„אויסגעיבם, אַרויסנעמען — גיב־אויס, נעמאַרויס"]. — 14) אָהן e פֿאַר r! — [דריטע פּערזון סינג' פּרעז': „געדורט"]. —
15) צום שיסן [עפּטער ס'רוסישע „פּולי"]. —
16) מ"צ: „פּלומען"; דעמ': „פֿלומעלע" [e אין אומבאַטאָנטער זילב (צי פֿאַר הויכטון, צי נאָך אים) איז אין גרויס־ביאַלע פֿול און אופֿען, מיט באַשטימטער ע־טונפֿאַרב, אָהן שום נטיה צו i]. —
17) צ. ב. אין טייך. — ווערב: „שטרומען". —

——אִין ק ר ע מ ע נ ִ ץ (אום געגויער צו טראַנסקריבִירען): קל׳אָ֫ום (דער אויסלויטספִּיראַנט — ווייער מִילדער ס, קענטִיקער פֿאַרשאַרפֿטער ז), פֿאָ֫וואַ, מאָ֫וואַ, זאָ֫וואַ, גִידאָ֫וואַרן, בּאָ֫ווִין, טראָ֫וואַרן, טראָ֫ווִין, בּאַדראָ֫וואַרן.

אויסער די בּײַשפִּילען, וואָס אַף ז׳ 216, נוך: בּראָ֫ון; — טראָ֫וב (אײַגענטלִיך: וואַנטראָ֫וב, — דער דִיפֿטונג נעבּענטונִיק און אַבִּיסעל רעדוצִירט), קל׳אָ֫ובּם, — זאָ֫ופֿאַ, זאָ֫ופֿן; — לאָ֫וט, לאָ֫וטאַ[1]), — פֿלאָ֫ודאַרן, פֿלאָ֫ודראַזאַק[2]), — לאָ֫וז[3]), לאָ֫וזן, ראָ֫ושן (זעלטען, אפִילו, געבּרויכט).

אָ נ מ ע ר ק ו נ ג. — ל ִ פּ ש ִ ץ לײגט אוים[4]): „בּויך; טויב; מויל; טויז; זויך; הויז; פּויק[5]), פּויקן[6]); טויזענד; הויט; שרויף[5]), שרויפֿן[6]); מויז; קויל; קרויט; פֿויל[7]), פֿוילן[6]); בּרוין; ווײַנטרויב; קלויבּן; זויפֿער[5]), זויפֿן[6]); לויט; לויטער; פּלוידערן (פּלוידערזאַק); לויז[5]), לויזן[6]); רויש[5]), גערויש[5]), רוישן[6]); גרויל[5]), גרוילן[6]); שוידער[5]), שוידערן"[6]); — אִין דעם „שלִיסעל" פֿאַר׳ן ווערטערבּוך ווײַזט דער מחבר, אובער, אָן, אַז „וי[8]) ווערט געלעזען אַמאָל וויא: oй, למשל: ט ו י י ע ר, א ו י ע ר, ט ו י ב וכדומה; אִין אַ מאָל וויא: ay (?), למשל: ב ו י ך, פּ ו י ק, ט ו י ב (אַ טויב)"[9]). —

דער ou (אקעגען מה"ד û) הוט אִין ק ר ע מ ע נ ִ ץ אַ ק ׳נקורענט אִין o — אובער נור פֿאַר m. — אַזוי: פֿלאָ֫ם[10]), צאָ֫ם[11]), גראָ֫ם, זאָ֫מִין[12]) (־זאַך),

---

1) אַדיעקט („ד אַ ִ מ ל א ִ ל ו ט אַ", ד. ה. „רײן, קלאָר"); אַדוועְרבּ („ס׳אִי גאָאַ קִין וואַ׳ נִיש: ס׳אִי ל ו ט אַ וואַסאַ", ד. ה. „בּלויז וואַסער"). — לעק׳ 152: lûter (אַדיעקט: „רײן, העל, קלאָר, לויטער"; אַ ד וו ע ר ב: „דײַטלִיך, אופֿען, גאַנץ"). —

2) אײנער, וואָס פּלוידערט אַסך. — 3) מ"צ: „ל אַ ז"; דעמ׳: „לאַזל"; אִימִינוּט׳: „ל אַ ז אַ ל ִ"; אַדיעקט: „ל אַ ז ִ ק". —

4) ז"ו 53, 101, 117, 101, 107, 81, 142, 101, 81, 220, 117, 181, 200, 142, 63, 90, 188, 93, 111, 111, 162, 111, 203 (71), 73, 207. —

5) נומען. — 6) ווערבּ. — 7) אַדיעקט. —

8) לויט זײַן אויסלײגונג: „אָי". —

9) „ק ל ו י ז" אִיז בּאַ לִיפּשִׁיצן נִישט געבּוכט. — אויך „ב ר ו י כ ן" (דער ווערבּ אִיז אִין ק ר ע מ ע נ ִ ץ בּאַקאַנט געוואָרען ערשט די לעצטע יאָרען, פֿון דער לִיטעראַטור). — 10) מ"צ: פּ ל ו מ ִ ן; דעמ׳: פּ ל ע מ ל. —

11) לִיפּשִׁיץ 168. מה"ד zûn (קלוגע 499). — 12) לִיפּשִׁיץ 73, 94. —

ראָמין 1), קאָם 2) [דער o דערגאַנצט, אַלזו, די סכעמע, נישט שטערט זי, ווי אַף ז' 228 אָנגעמערקט]. —

---

[צו ז' 217]. — אין קרעמענין (אויב גענויער צו טראַנסקריבירען): איִבאַ, איִבאַהאַנט א. אַ. וו.

מפּתן „איִבּ״ (קוניונקציע), זול געבראַכט ווערען אויך אַ דײַטשישע פֿורם מיט e: ef 5) (עלזאַסיש).

דער ej- אין „איִבאַ״ 4) האָט די פֿאָלגענדיקע דערקלערונג: נה״ד ober 5) ווערט באַטראַכט, אַלס קאָמפּאַראַטיוו צום מה״ד אַדוועֶרב ob 6) (obe); דער ידיש ej- איז, אַלזו, דערשײַנונג פֿון אומלויט, וואָס איז בכלל כאַראַקטעריסטיש פֿאַר'ן קאָמפּאַראַטיוו.

„איִבערשט״ איז סופּערלאַטיוו 7), — אין דער ej-, הײַסט עס, אויך אומלויט פֿון לאַנגען o 8).

דער ej- אין „איִפֿגיִבּם״, ווידער, האָט אַן'אַנדערע דערקלערונג 9): ס'איז דערשײַנונג פֿון אויסגלײַכונג אינווייניק אין איין באַשטימטער פּאַראַדיגמע: דער פּאַרטיציפּ פּרעטעריטי נעמט-איבער דעם שטאַמוואָקאַל פֿון אינפֿיניטיוו.

די טעורעטיש-ריכטיקע פֿורם פֿאַר קרעמענין וואָלט געווען: גיִויבּם 10); אובער נאָך דעם אינפֿיניטיוו איִבּם 11) — האָט זיך אין דער דורטיקער מונדאַרט אויסגעבילדעט: גיִיִבּם.

אָנמערקונג. — י. י. לינעצקי, „דאָס חסידישע יונגעל״ (ווילנע תרנ״ז), ז' 145: ...„ביז אויף איהר 18-טען יאָהר האָט זיא אָנגעהייבּען בּעקומען פּאַסטעווקעס״...

---

1) זעי איבען ז' 227. — 2) זעי אויבען ז' 228. — 3) און of (קלוגע 330). —

4) זעלבסטשטענדיקער נומען (די דאַמע אין קאָרטען); ערשט גליד אין קומפּוזיטאַ. —

5) מה״ד: obere; אַה״ד: obaro (קלוגע 330). — 6) ידיש: „אויווין״. —

7) אַה״ד: obarôst; מה״ד: oberest (קלוגע l. c.). —

8) דורך די דערקלערונגען ווערט די באַמערקונג אַף ז' 217, דאָס „דער יי״ איז אַן'איבערגאַנג צו דער „אוסטרער״ מונדאַרט״ — אַנולירט. —

9) אויך נישט די, וואָס אַף ז' 217 אָנגעוויזען. —

10) „געהויבען״. — 11) „הייבען״. —

„דער ישובניק"[1] ז' 5: „ער האט אים אן גיהייבין[2] צו נעמען אין וועג מיט זיך".

א. מ. דיק, „מיכאל ברינדזע"[3] ז' 5: „האט שוין אנגעהייבען חרטה צוא האבין".

„דאס גוטע קינד פון יידינס הבטחה" (זשיטומיר 1876): „האט מיין קלמן אן גיהייבען זיך צו לאזין קעגען אופין שטאט" (ז' 17); „האט באלד אן גיהייבען צוא זינגען" (ז' 28). —

ענליך, אין קרעמעניץ: גינעמין[4].

אנמערקונג. — אין דורף סטאראווועס' (גמינע שעניצע, נאוואמינסקער א., ווארש. ג.) הוב איך געהערט: „ר'איז אפאנעמינע מענטש".

אין י. אקסענפעלדס „שטערענטיכל": „ר' שלמה בעשעכים האט איין אנדערן בעלפער צו גינעהמין" (ז' 22); „האט ... אקסמאן צוגינעהמין מיכלן פאר אפריקאשטשיק" (ז' 56); „ארויס גינעהמין" (ז' 117); „בא מעני-ראסין גינעהמין דאס קינד" (ז' 126).

בא לינעצקין l. c.: „זיך גענעהמען אבדרוקקען" (ז' 4); „מיך האט עם פשוט אנגענעהמען ביים הארצען" (ז' 62); „און וויא מיט א דערעך-גענעהמענעם קיק אויף מיר" (ז' 113).

---

1) „...אין צווי טייל. דאס איז איינע בעשרייבונג פון אגעוויסען קלמן (שעלייקעסקער). און אזו אויך ווערט דא בעשריבין נאך צוויי אנדערע ישובים וואס האבען שוין פון איין אנדערין גאטוניק. (אחת לאחת) זיינען דא אלץ אזעלכע זאכין וואס מען קען זיך דאריבער זאט אן לאכין. און וואס קען יעדען מענטשען לוסטיק מאכין: — ווילנא בדפוס ר' אברהם יצחק דווארזעץ. שנת תרכ"ז לפ"ק", 1867 (דערלויבט פון דער צענזור 1 מערץ א. סט.), 64 ז"ז, קל' 8⁰. —

2) אויך אף ז"ז 11, 18 א. א. וו..

3) „דער בעפרייטער ארעסטאנסקער ראטניק (שטערעפלינג) מיכאל ברינגדזע מאת אמ"ד. ווילנא. בדפוס „האלמנה והאחים ראם. שנת תרל"ז לפ"ק 1876; דערלויבט פון דער צענזור 3 פעברואר א. סט.), 72 ז"ז, קל' 8⁰. —

4) נאכ'ן אינפיניטיוו „געמין" [לויט'ן כלל, ווולט באדארפט זיין: „גינימין"]. —

אין „א ר י י ז ע אין ע ו ל ם ה ת ו ה ו"[1]) ז׳ 20: „איך האב גאר ניט גיוויכט וויא זייא האבין זיך דער געמין"•

אין „מ ע ש ה ש א ו ל"[2]) (זשיטומיר 1876) II 2: „ער האט ג י נ ע מ ע ן דעם פערעל"; — II 3: „מע האט דעם פערעל•צו ג י נ ע מ ע ן"•

אין „ר ב י נ ו ג ר ש ו ן" (בוקארעסט 1878): „מעליתא האט צ י ג ע נ ע מ י ן" (ז׳ 50); „וויא פיעל ער האט זיך שוין אליין ג ע נ ע מ ע ן" (ז׳ 56); „דער אטענער קינסטלער האט זיך א י נ ט ע ר ג ע נ ע מ י ן א וואג צו מאכען" (ז׳ 64)• —

אין ק ר ע מ ע נ י ץ, אין ש ע ד ל ע ץ: גיקלאובם[3])• —

אין ק ר ע מ ע נ י ץ: גיליגן[4])•

א נ מ ע ר ק ו נ ג: „א רייזע אין עולם התוהו" 11: „אפין קראנקין רעט בין

---

1) דער גאנצער טיטעלבלאט:

„א רייזע אין עולם התוהו אדער דיא נסיעה אוף יעניר וועלט

„פון מיר דער טוידטער מענטש, וואס גאט זעצט אים אוף יענער וועלט אין עולם התוהו אונטער דעם אכט פון דעם מלאך דומה מיט זיינע משרתים•

„גישריבען מיט טרערין אוף יעניר וועלט אין דעם לאנד תוהו, אין דער גובערניע קברות, אין דעם אויעזד גיהנם, אין דער שטאט אבדון, אין דעם דוואר שאול תחתיה, אין נימער עונש, אונטער דיא גיפיינקיגיש פון אלע בייזע מלאכים, אונטער דיאסטרא-זשאסטיע פון א מיליאן מיט זיבען הונדערט טויזינט מיט זיבען טויזינט זיבען הונדערט מיט זיבין אין זיבעציג רוחות

„איך ה" מ" ב" ו" א

„בדפוס הרבני מוה׳ יצחק משה באקשט נ"י. זיטאמיר, 1873

(דערלויבט פון דער קיעווער צענזור 24 דעצעמבער א. סט.), 91 ז"ז 16⁰. —

[דער נאמען פון מחבר — אנגעוויזען אין לעצטען פערז פון דער „פאעמע": „מרדכי אסטראווסקיע"]. —

2) 10 מעשות אין גראמען, אהן א שום ליטעראַרישען ווערט. אובער די טראנסקריפציע אין דעם ביכעלע איז אינטערעסאנט, ווארום זי גיט איבער די ווינטיקסטע שטריכען פון דער מונדארט, וועלכע עס הוט גערעדט דער אויטור (אודער דער זעצער צי בעל-מגיה?). מיר וועלען זיך מיט דעם ווערקעל נאך טרעפען עטליכע מאל וויטער• —

3) נאכ׳ן אינפ׳ קלאובם (לויט׳ן כלל, וואלט דארפען זיין: „גיקליבם")• —

4) נאכ׳ן אינפ׳ „ליגן" [לויט׳ן כלל, וואלט זיין (ווי אין אנדערע מ"מ): „גילעיגן"]• —

איך געליגען" ג -- "דאס גוטע קינד פון יידינס הבטחה" 11: "קלמן איז גיליגען אויף דער ערד". —

אין די פויליש-יידישע מ"מ[1]: "גיבראָכן"[2].

אַנטערקונג. — "בן המלך והנזיר" (זשולקעוו 1771): "וויא דיא זון איז אונטר געגאנגין אונ איין נעפיל וואר. האט אים דיא פארכט גבראָכן אין איין גמוזיך וואס בייא דען בארטין פון באך וואר" (נ"ה b); "אונ דער [מלך] האט דען מארשליק אויך אויף גבראָכן איבר זיין פר בארגין זאגין" (ס"ו b).

"ספורי מעשיות פון רבינו נסים ב"ר יעקב" (ווארשע תקצ"ז): "זייא האבין אלי זייערי יאהרין פארבראכט מיט תפלה" (ב'); "זייא האבן פארבראכט זייער לעבן מיט גאָרינגקייט" (ה' b).

"סיפורים מרבינו נסים" (ווארשע 1892), ז' 7: "האט ער גיבראָכט"[3].

ג. מאַקמאַן l. c. 63: "מיט וואס האסט דיא פארבראַכט[4] דיין לעבין!"

"רבינו גרשון" ז' 43: "דיא גאנצע שטיהל געבראָכט אנגעוואָלט אין טיכער"[5].

"ר' שמחה פלאָכטע" (ווארשע 1881) ז' 7: "האט זיא דיא גנידישע כלה אַריין גיבראָכט איינגעהילט אין אַ רויטען פאַרטיכעל וויא איין איגדיק".

אולריך קאַלמוס, "געשיכטע פון זעלטענעם ברית"... (ווארשע תרב"ב), II 16: "מען האט אים צוריק גיבראָכט פון דער שול".

---

1) למשל, אין וואַרשע, גריצע, בלוינע, סופּאַטשעוו, יאַלינפּאל (וואַרש. ג., ס.כ. א.), זוישעגרוד (דאָ אויך: "געבראַכט"), ראַדלאָשט, אופּאַלע, א. אַ. וו. — [נאָכ'ן אינפ' "ברענגען" (אין די איינצעלנע מ"מ ווערט דער ווערב, נאַטירליך, פאַרשידען אויסגעשפּראָכען)]. —

2) אין קרעמעניץ: גיבראַכט (די געוויינליכע פאָרם אין דער מאָדערנער שריפטשפּראַך). —

3) די פאָרם — נורם אין דעם ביכעל (זעי אויך ז"ז 8, 19, 27, 35, א. א. וו.). —

4) ענליך אף ז' 91. — אף ז' 138: "געבראַכט" (אלס גראם צו "אויפגעמאַכט"). —

5) אף ז' 84: "געבראַכט". —

י. ל. פ ר ץ („דיא יודישע ביבליאטעק" I 27): „איך האָב איהר אַהיים געבּרענגט אַ ־ר מַעֲשֶׂה בִּיכֶלעך". —

אויספירליכער וועגען דער דערשיינונג — אַף אַנ'אַנדער אורט (זעֶ צו דער פראגע: בּ ע ה אַ נ ד ה ע ל 241 פּפ.). —

---

[צו ו"ו 218—219]. — וועגען דער אַזויגערופענער „IV דרומרוסלענדישער מונדאַרטענגרופּע"[1]) קען איך דאָ ברענגען גענויערע ידיעות.

אַקעגען מה"ד הויכטוניקען û הוט קורצען u די וואָלינוווקער (קיעוו., ג., בערדיטש. א.) מונדאַרט, אויבער נור פאַר ב, פ, ק, ל, — אַזוי: טוב[2]), שרוף[3]), פוק, פוקן, בוך, יוך[4]).

די קריוווירער (פּודול. ג., באַלטער א.) הוט[5]) u אויך פאַר ח; — הייסט עס: טוב[6]), קלובּם, טרובּם, שרוף[7]), זופר[8]), פוק, פוקן, פוקר[8]).

---

1) איבעראַל, ווו איך באַנוץ אין די 4 נוטיצען דעם טערמין „גרופּע", דאַרף מען דאָס נישט פאַרשטיין אין דעם זין, אז די מונדאַרטען, וועלכע אין פאַרעכען אין אַ „גרופּע", בילדען אַועלכע אין ־לע הינזיכטען. זיי זענען אַ „גרופּע" נור בנוגע צו דער איינער דערשיינונג, וואָס ווערט באַהאַנדעלט אין דעם אודער יענעם נוטיין; אין אַלע איבעריקע הינזיכטען קענען זיי געהערען (און געהערען ווירקליך) צו פאַרשידענע אַנדערע „גרופּעס". וועגען באַשטימטע מונדאַר־ביגגרופּעס וועט קענען זיין די רייד ערשט, ווען ס'וועט פעסטגעשטעלט ווערען אַנ'אַלגעמיינע קלאַסיפיקאַציע פון די יידישע מ"מ, און דערוף איז נוך נישט געקומען די צייט (קודם כל מוזען אַלע מ"מ גענוי אויסגעפורשט און באַשריבען ווערען — דעמאָלט וועט מעגליך זיין צוצוטרעטען צו דער קלאַסיפיקאַציע). —

2) ד. ה.: ט ו י ב, ש ר ו י ף א. אַ. וו. —

3) דעמינ': שראַפן (!). —

4) „ב ר ו י כ ן" (אין אַנטשפרעכענדיקער אויספראַך) אומבאַקאַנט (מ'זאָגט: באַדאַרפן). —

5) ק ו ר צ ע ן. (וואָס וואָלינוווקע הוט פאַר ח, קען איך פורלויפיג נישט זאָגען). —

6) דעמ': „ט אַ ב ל". —

7) דעמ': „ש ר אַ פ ל". —

8) r — זילבענבילדענדיק. —

בוך, יוך, שטרוכלינג[1], ברון[2].

אישומער (וואָלין. ג., זשיטאָמיר. א.) מונדאַרט האָט דעם u בלויז פֿאַר ch: — בוך, יוך[3].

פֿאַר m האָבען די אַלע ערשט דערמאָנטע מ"מ — o[4]); פֿאַר וואָקאַל און r — „אָוו“[5]); און די איבעריקע פֿאַלען — oj[6]).

---

1) נור אין חדר פֿון די מלמדים געברויכט [מה"ד strû·heln (לעק' 253)].

[„ברויכען“ (אין אַנטשפּרעכ' אויסשפּרוך) אומבאַקאַנט. מ'געברויכט אין קריוויזיר: „באַדאַרפֿן, באַניצן“]. —

2) עפּטער: „בראָנז, בראָנזינר“ (מיט סונאַנטישען r אין אויסלויט).—

3) „ברויכן“ אין אישומער אומבאַקאַנט (מ'זאָגט: דאַרפֿן). —

4) אין וואַכנוווקע: אויסראָמין (די שטוב), אַנראָמין (אַ סוד); קאָם (אַדוועֶרב).

אין קריוויזיר: זאָמין (דער o — דרומרוסלענדישע לענג); ראָמין (די שטוב) [אויך מיט ô], אַנראָמין (אַ סוד) [o — קורץ, ווייל נעבעטאָניק]; פֿלאָם [o — קורץ, לויט פֿאַלשער אַנאַלאָגיע מיט פֿלאָם (=„פֿלאַם“)]; קאָם (ô, ווען דער אַדוועֶרב הויכטאָניק; קורצער וואָקאַל, ווען דער אַדוועֶרב אין נעבענטאָניקער שטעלונג).

אין אישומער: איפּראָמין (די שטוב) [o — קורץ, ווייל נעבענטאָניק].—

[אין אישומער, אַלס אויסנאַם: קאַם (=קוים)]. —

5) וואַכנוווקע: באָווין, גיטראָווין; מאָוור (אַ בנין פֿון ציגעל), זאָוור, גידאָוורן (און גידירן), טראָוורן. — [„פֿוּוור“ — אומבאַקאַנט (מ'זאָגט: גוי, קריסט). באַדוורן — באַקאַנט געוואָרען ערשט די לעצטע צייט (פֿון דער פּרעסע)].

קריוויזיר: באָווין (זעלטען געברויכט; מ'באַנוצט זיך מער מיט אַנטשפּרעכענדיקען רוסישען וואָרט), גיטראָווין, מאָוור, זאָוור, גידאָוורן (עפּטער אַ רוסישער וואָרט), באַדאָוורן, טראָוריק [דער o דאָ איבעראַל דרומרוסלענדישע לענג]. — „פּוּוור“ — אומבאַקאַנט (מ'זאָגט: גוי).

אישומער: באָווין, גיטראָווין, מאָוור, זאָוור, גידאָוורן, באַדאָוורן, טראָווריק [„פּוּוור“ — אומבאַקאַנט (מ'זאָגט: גוי)]. —

6) וואַכנוווקע: „מויל, קויל, פֿויל, פֿוילן; — אויט, קרויט; אויז [עפּטער: שטיב (הילצערנער בנין)], טויז, מויז (זעלטען געברויכט; נורם: עכבר), טויזנט“.

═ אַקעגען די הויפּטוניקע מה״ד (1 ou, (1 ô און (2 o הובען וואָכנוווקע און קריוווזיר — oj; אישומער — ej (אים אַלגעמיין), e (פֿאַר ch) און -ew- (פֿאַר דער ענדונג -er).

אָנמערקונג. — אַלזו, אין וואָכנוווקע: „בוים, אויג, טויב, רויעך, לויפן, קויפן, טויגן; — אויער, נויט, שטרוי, ברויט, קרוין, רויט, טויט, אויעך 3), גרויס, סאַרשוין, שטויסן, שוין, אַזוי; — אויוון, אויזן 4), אויף 5), אויבס, בויגן, בוידים, קויל, ווויל, טויער, פֿויגל, לויבס, וווינען, גיפֿלויגן, גיצויגן, אויב; — אויס, אַרויס". — 6)

אין קריוווזיר: „בוים 7), ....., רויעך 7), ...., אויעך 7), ...., אַזוי; אויוון 8), ......, אויב". 9) —

---

קריוווזער: „מויל, קויל (עפּטער: „פּוּ״יע"), פֿויל, פֿוילן; — אויט, קרויט, לויטר; אויס, מויז, אַרויס, טויזנט" [„הויז" (אין אַנטישפּרעכענדיקער אויסשפּראַך) — אומבאַקאַנט (מ׳זאָגט: שטיב); די מ״צ (אַזר) יז געבראויכט! — (אויך „טויז" באַנוצט מען נישט, נור ס׳רוסישע „טוז")].

אישומער: „מויל, קויל, פֿויל, פֿוילן; טויב, שרויף; פּויק, פּויקן; הויט, קרויט, אויס, אַרויס, טויז, טויזנט" [„הויז" — אומבאַקאַנט; מ׳געבראויכט: שטיב]. —

1) אַלס כלל. — 2) אין געוויסע גרענעצען. — 3) „הויך". —

4) „הויזן". — 5) „הויף". —

6) „שטויב" (נומען). — אין וואָכנוווקע נישט געבראויכט. מ׳באַנוצט: פּיל [מיט האַרטען ł: ס׳איז דאָס קליינרוסישע pył (זעי פֿורטונאַט פּיסקונוווס קליינרוסיש ווערטערבוך, קיעוו 1882, ז׳ 185)], פּאָרעך [ס׳איז דאָס קליינרוסישע poroch (אין טײַטש: „שטויב") — זעי פּיסקונווו 204].

אָנשטאָט „הויל" (אַדיעקט, אין טײַטש: „נאַקעט, בלויז, ליידיק אינווייניק") זאָגט מען דורט: פּיסטי [קליינרוסיש pustyj (פּיסקונווו 219)], לעידיק. —

7) א. אַ. וו., ווי אין וואָכנוווקע. —

8) צום באַקען. — צום הייצען: ריבי [פּיסקונווו 60: „Hruba—golan-skaja pjetschj"]. —

9) אָנשטאָט „שטויב" — פּאָרעך.

פֿאַרשוין — איז טײַטש: „פּאַסאַושיר" (דער בעל-עגלה הוט פֿאַרשווינען). —

אין אישומער: „בעים, עיג, טעיב. לעיפן, קעיפן, טעיגן; שטרעי, ברעיט, קרעין, רעיט, טעיט, גרעים, פארשעין, שטעיסן, אזעי; עיוון, העיזן, העיף, העיל, עיבם, בעיגן, בעידים, קעיל, וועיל, פעיגל, לעיבם, וועינין, בעירן, גיפלעיגן, גיצעיגן, עיב[1]; — רעך, העך, עך[2]; — עוועי, טעווער". — אויך: „שען"[3]. —

=== דער אוסטרער[4]· אישומערער[5] ej שפיגעלט זיך אפ אין אויבען שוין דערמאנטען „מעשה שאול" (זשיטומיר 1876). — אזוי[6]: „קריין[7] (5, 18, 20, 22), גיפיילט[8] (10, 29, 30, 41; II 3), פיילין[9] (22), טייט[10] (12), טייטין[11] (48), נייל[12] (33), ניילטעקין[13] (35), גיידער[14] (36), הייך[15] (46), צו גייף געקניפט" (II 20)[16]. — אין דעם־זעלביקען ווערקעל: „שען" (14, II 23), „שעהן" (51) [אדווערב, = „שוין"].

אין „דאס גוטע קינד פון דעם זיידינס הבטחה" (זשיטומיר 1876): „יליק[17] (14 א. א. וו.), פייסי[18] (31, 32), פילען"[19] (40). —

---

1) אנשטאט „שטויב, גויט" (אין אנטשפרעכענדיקער אויסשפראך) — פיל, דחקות. —

2) = „רויך" (נומען), „הויך" (אדיעקט), „אויך" (קאניונקציע). —

3) = „שוין" (אדווערב). —

4) זעי אויבען ז' 217. —

5) וואס קומט, זעלבסטפארשטענדליך, פאר נישט נור אין די צוויי מ"ס. —

6) אין סדר פון דער פאגינאציע. —

7) נומען. —

8) ווערב: „געפועל'ט". — אף ז' 6 צו: „גהיילט", גראם: „גיפוי־עלט" (אלזו, אויך געליינגט: „גיפעילט"). — אף ז"ז 29, 30, 41 גראם: „גיפיילט — אוים דער ווילט". —

9) אינפיניטיוו. — 10) נומען: טויט. — 11) דאטיוו פון אדיעקט מאסק'. — 12) אדיעקט. — 13) נומען; פלוראל. — 14) „גוידער".

15) אדיעקט. — אף ז' 12 גראם: „ריח — הויך (אלזו, אויך „הייד"). —

16) אויסער דעם, גראמען: „ווייא — אזוי" (9), „הן — שוין" (9), „קייט — פויט" (20), „צווייא — אזוי" (II 2). —

17) יואל'יק. — 18) נומען: „פוכ". —

19) ווערב: „פועל'ן". — [אף ז' 45 גראם: „היילין — פוילין" (אלזו, אויך אויסגעשפראכען: „פיילן")]. —

[צו ז' 219]. — ווי ה' י. גוטליב (אוים פינסק) טיילט מיר מיט, איז דער -אָוו- (אַקעגען מה"ד û) אין זיין געבורטסשטאָדט באַקאַנט נאָר אין קרייז פון די סטאָליגער[1]) חסידים. — די אייגענטליכע פינסקער מונדאַרט הוט אַקעגען מה"ד û, אַלס כלל, oj (בלויז פאַר m — a).

═══ אים אַלגעמיין, איז דער -ow- — דרומרוסלענדישע דערשיינונג. מיר זעען אים: אין קרעמעניץ[2]), בערדיטשעוו[2]), אוסטרע[3]), וואַכנווקע, אישומער, קריווזיר[4]), אויך אין לויצק[5]) (וואלין), טורטשין[6]) (לויצק. א.).

ער וואַרפט זיך דורך אויך אין דרוקזאַכען.

שוין באַ משה מאַרקוזע: „ווען מיר זאווירע זאכן אין מיליך אריין גי־סען"... (י"ג); „זא לאנג דיא שמערצין גידאוורען"... (ע"ה).

„בחינת עולם"[7]): טְרָאוֶועריג[8]) (ז' 32), טְרָאוִירְגִי (ז' 82), טְרָאוֶוי־רִיגֶה (ז' 89), טְרָאוִיירִיגִי (ז' 102); טְרָאוֶועְרֶקייט (ז' 57), טְרָאוִירוּנְג (ז' 78); טְרָאוִוירֶן (ז' 39), טְרָאוֶועְרִין (ז' 78); — מָאהָאוֶוער (ז' 52); מָאוֶרִין (ז' 25), מָאוֶועְרִין (ז' 52); — גִיבָאוִויט (ז"ז 25, 32), גִיבָאוֶועט (ז' 18; 2 מאָל אַף ז' 98).

אָנמערקונג. — אין וואַרשעווער[9]) אויסגאָב פון דעם ווערק איז, אין די אַלע ווערטער, דער -אָוו- פאַרביטען אַף -וי-. —

[1]) סטולין — שטעטעל מינסק. ג., פינסק. א. —

[2]) אויבען ז' 216. — [3]) אויבען ז' 217. — [4]) אויבען ז' 341. —

[5]) „מווער; זווער, טרווערִיק; בווין, גידווערן, גיטרו־ווין" [דער וואָקאַבעל „פויער" (אין אַנטשפּרעכ' אויסשפּראַך) — אומבאַקאַנט (מ'גע־ברויכט: „גוי")]. —

[6]) „מוור; זוור, טרוורִיק (אפילו ווייניק געברויכט); בווין, באַ־דוורן, גידוורן, גיטרווין, טרוורו" (דעם ווערב צו הערען דאָס רוב נור אין מויל פון פרויען). —

[7]) ...„נדפס ביוזעפאף בדפוס הרבני הנגיד מוה' דוד סעדי' ישעי' וואקס נ"י". — אין אַף פויליש: „Bechunas Olcm. w Drukarni S, Wax, w Iozefowie Ordy. 1845."—

[8]) אַף ז' 12: טְרָאֶרִיק; אַף ז' 90: טְרוּיאִירִיגִי; אַף ז' 59: טְרָאעֶרִין (אַלץ אויסנאַמען). —

[9]) „ספר בחינת עולם להרב החכם הכולל המליץ השלם ר' ידעיה הפניני בדרש"י ז"ל. עם פירוש יקר מהרב ר' יוסף בהרב מוהר"ר שלמה דיין ז"ל

אין „ספר צוואת ר' יהודא חסיד"[1]: „אמענטש[2]) זאל ניט מאוויירין זיך קיין שטוב נאר ער זאל קויפין אגרייטין מאוויר" [פסוק י"ז]; „אונ אז ער האט יוא[3]) גימאווירט וועט ער דריבין[4]) ניט וואונין קיין (פיל) יאר ווארום אודער[3]) ער אודער[3]) זייני קינדער וועלין ח"ו שטארבין" [י"ח]; „אמענטש זאל ניט מאווערין קיין גראבין אין דער ערד אונ דארט אפ שיטין אזו אתבואה וואש ער האט זיא אליין גיזייעט"... [נ"ד]; — „אמענטש זאל ניט באווין קיין שטוב אויף אזו איין פלאץ וואש דארט איז קיין מאל קיין בנין ניט גיוועזן" [י"ט]; אז ער וויל ניט לאזין לייידיג שטיין דעם פלאץ אונ האט אויש גיבאווט אשטוב אויף דעם אורט[3]) זאל ער אין איר ניט וואונין איין גאנץ יאר" [כ'], „אמענטש זאל ניט פאר באווין אין גאנצין קיין פענסטיר אודער[3]) איין טור[4]) פון וועגין די שדים זאלין אים ניט

---

מליסא. ולתועלת רבים אשר לא יספיק ... הפירוש להבין עומק מליצת המחבר ז"ל, נעתק ללשון אשכנז המדובר במדינתנו: מיר האבין דיזען הייליגען ספר מעתיק געוועזין אויף עברי דייטש. דאמיט עס זאלין קענין פאר שטיין גרויס אונ קליין: ווארשא בדפוס של ר' חיים קעלטער, אשר הוקם ע"י ר' יצחק גאלדמאן. שנת אבוא בחינת עולם" (1865). $8^0$. — „הקדמת המעתיק", אף דער לינקער זייט פון שערבלאט, געחתמעט: „הכ"ד המעתיק יום ט"ו שבט תקס"ה לפ"ק: נאום אליעזר פאוויר ספרא דק"ק זאלקווא"]. —

[1]) נאך דעם טיטעל לייענען מיר אפ'ן טיטעלבלאט:

„צוואת של אב וראש לכל החסידים השרידים הקדוש האלקי רבינו יהודא החסיד זצ"ל:

„דיא צוואות פון הקדוש האלקי רבינו יהודא חסיד זצ"ל באדארף איטליכער מענטש זייא האלטין ווארום זייא זענין גיזאגט גיווארין ברוח הקודש אונ דער וואש איז עובר אויף זייא: איז ח"ו זיין סוף ניט גוט דרום האבין מיר זייא מעתיק גיוועזן . עברי טייטש כדי איטליכיר זאל זייא ווישן אונ זייא מקיים זיין ווארום אסכנה איז הארביר פון איין איסור אזו וויא אין דער גמרא שטייט:"

העברעישער טעקסט מיט יידישען איבערזעץ אונטער אים. $12^0$. נישט פאגינירט. אורט און יאר פון דרוק נישט אנגעוויזען. נור קענטיק דרומרוסלענדישער אויסגאב (אין פסוק נ"ח אזא ווקאבעל, ווי „פריפיטשיק, פריפיטשאק").

[2]) דאס געשטאלט מיט ־ט־ נורם אין דעם ספר'ל. —

[3]) ־ן־ = ס ! [זעי: „זאמעלביכער" II, ערשטע העלפט, פורווארט, ז' XI]. —

[4]) ־ן־ אנשטאט ־י־ (זעי אויבען ז' 274). —

מזיק זײַן װײַל זײַער דרך פֿלעגט דאָך צו זײַן אַרײַן צו גײן דורך דער טיר אָדער פענסטער נאָר אַז ער װיל יוא פֿאַר באָװין זאָל ער איבער לאָזין אודער איזש בויערין אַקלײַן לעכיל אין דעם גיביא" [כ"ג].

אין ספר'ל מיט'ן טיטעל: „זה הספר נלקט מן ספר קיצור ילקוט" [1]: טְרָאװֶזְרִיג (ז' 4; 3 מאָל אַף ז' 9), אוֹף גִיבָאוִויט (ז' 15).

י. אַקסענפֿעלד, „שטערענטיכל" 38, 112, 88: פּאָװער (פּויער), פּאָװערן (פּויערן), פּאָװירטִים (פּויערטעם).

אין זײַן „קבצן-עושר-שפּיל" (אַדעס 1870): „3 גימאָװערטע קלײטין" (7), „פֿאַר די גימאָװירטע קלײַטין" (8).

אין זײַן „גענאַרטער װעלט" (אַדעס 1870) 45: „אַ פּראָסטער פּאָװער".
„מחזור לשלוש רגלים" II (זשיטומיר תרכ"ו) 50: גיבאָװיט.

יואל-בער פֿאַלקאָװיטש, „ר' חיימיל דער-קצין" (אַדעס 1866): פּרטראָװען (38), פּארטראװע (38).

„דער אַקציזניק" (זשיטומיר 1868): גידאָװירט (17, 18, 24), גידאָװערין (35).

י. י. ליגעצקי, „דער פּריטשעפּע" (אַדעס 1876): „אויסגעסטרויעט א מאָװער" (50), „דער קאמפּאט איז זאָװער" (24), „מע באָװעט אויף פּאַפּיער" (3), „חתונה בילעטין האָט געדאָװערט שרייבען פֿון דער התונה ביז אין ברית אַריין" (26).

אין זײַן „װאָרם אין חרײַן" (אין שלום-עליכם'ס „יודישער פֿאָלקסביב

---

[1] „זה הספר נלקט מן ספר קיצור ילקוט אשר נלקט כל המעשי' מספר מדרש רב' וממדרש תנחומא ומילקוט ומשאר ספרי הקדושים למען דעת כל עמי הארץ את מעשה ה' כי הוא אלהים בשמים ועל הארץ מתחת ולמען יראו את ה' ולעבדו בכל לבבם ולהודיע לבניהם את צדקת ה' ואת המעשה אשר יעשון.

„דאָש ספר איז אַרויש גינומין פֿון קיצור ילקוט וואָש אין עם שטייט וואונדערליכי מעשים פֿון ספר מדרש רבה אונ פֿון ספר מדרש תנחומא אונ פֿון ילקוט אונ פֿון אַנדערי הייליגי ספרים כדי צו ווישין גאָטש מעשים דער מענטש זאָל זיך אַמוסר נעמין אונ פֿאַר גאָט מורא האָבין אין דינין מיט דעם גאַנצין הארץ אין לאָזין ווישין דיא קינדער גאָטש גירעכטיקייט אין וואָש מען זאָל טאָהין אוף דער וועלט" [12°; אורט און יאָר פֿון דרוק נישט אָנגעוויזען; העברעישער טעקסט מיט יודישער איבערזעצונג]. —

ליאָטהעק", קיעוו 1888—1889): „אַ דאַר, שוואַרץ, זאַוועך[1] פּנים" (I 72), „דאָס האָט אָפּגעדאָוועט עטליכע טעג" (I 80), „דעם נגיד'ס מאָוועך" (II 104).

אין זײַן „דאָס חסידישע יונגעל" (אַדעס 1897): מאָוועך (38), געמאָוועטער (38), זאָוועך (7), זאָוועכע (228), געדאָוועט (69, 97).

„אַ רײַזע אין עולם התוהו" (זשיטאָמיר 1873): גידאָוויט (11).

„מעשה שאול" (זשיטאָמיר 1876): גידאַוועט[2] (3), באָוועכן (18), גיבאָוועט (33), זאָוועך (44).

„דאָס גוטע קינד פֿון דעם ײדינם הבטחה" (זשיטאָמיר 1876): גידאָוויט (3), זאָוויר (6).

„דער צווייטער אײַזין באַנד"[3] (וואַרשע 1878): „ערשטינס דער מאָוויר האָט טאַקי אַפּנים וויא אַוואַגזאַל"... (15 — 16); „ער איז זאָוויר" (50). —

═══ אין סקידל (גרודנ. ג.) — ווי אין דער אײַגענטליכער פּינסקער (און ווי אין דער הומלער) מונדאַרט:

a) אַקעגען מה"ד הויכטוניקען û — oj[4] (אַלס גורב נור פֿאַר m — a[5]) קורצער).

b) אַקעגען ou[6], ô[6], o[7]: — ej[8]. —

---

1) דרוקגרײַז; דאַרף זײַן: „זאָוועך". —

2) דרוקגרײַז; דאַרף זײַן: גידאָוועט". —

3) פֿון אַ דרום־רוסלענדישען שרײַבער. —

4) אובער דער o קורץ און געשלוסען, אַזוי אַז עס הערט זיך כמעט u. — „בויען, טרויען; — מויער, פֿויער, זויער, דויערן, טרויערן, באַדויערן; מויל, קויל, פֿויל, פֿוילן (ווערב); — טויב (מ"צ: טויבם); שרויף; — פֿויק, פֿויקן (ווערב); בויך, יויך; — אויט, קרויט; אוים, אַרוים; אויז, טויז, מויז, טויזנט". — [„ברויכן" — אומבאַקאַנט]. —

5) „אופֿראַמען (אין שטוב), קאַם". —

6) שטענדיק. — 7) אין געוויסע גרענעצען. —

8) „ביים, אייג, טייב, רייך, שטייב, לייפֿן, קייפֿן, טייגן; — אייער, נייט, שטריי, ברייט, קריין, רייט, טייט, אייך, גרייס, פֿאַרשיין, שטייסן, שיין, אַזוי; — אייזון, אייזן, אייף, אייל, אייבם, בייגן, ביידים, קייל, ווייל, טייער, פֿייגל, לייבם, ווייגען, בייערן, גיפֿלייגן, גיצייגן, אייב, אייך". —

══ ענליך אין פאָלאָנקע:

a) „געטרויען [1]; מיער, זויער; מויל [2]; פויק; בויך [3]; אוים, אַריים [4], הויז [5], מויז; — אופראַמען [6], איינראַמען [7], זאַמין, קאַם" [8]. —

b) „דער ב ע ים, אַנ'ע י ג, ..., ר ע יך...; ע י ע ר, ..., ה ע י ן, ..., ש ע י ן (══„שוין") ...; ...ב ע י ד י ם, ..., ט ע י ע ר,... ע י ב" [9].

══ אויך אין מישניץ (לומז. ג., אוסטרול. א.) איז oj — נורם אַקעגען מה"ד û; אובער פאַר l, m, n — o [10].

אַ ז ו י: „בויען, אונטערויען; מויער [11], מויערן [12], פויער [13], זויער, געדויערן [14], טריערן, באַדויערן; — טויפ [15], וויינטרויבם, קלויבם; שרויף [16], זויער; — פיק [17]; בויך [18], יויך [19]; —

---

[1] דער o קורץ און עטוואָס געשלוסען. — [2] ל"ז. —

[3] אין אויסלויט: אַך-ch (שטאַרק געכורכעלט). —

[4] פרעפּוזיציָנעליש, פורזילביק און אַדווערביאַליש. —

[5] דער ווקאַבעל גילט אין פולונקע פאַר „ד יי ט ש ע ר י ש". ייִדיש איז: „ש ט ו ב" (אין טייטש: „בנין צום וואוינען"). —

[6] הויכטון אַף פורזילב. — עפטער: „צ ו ק ל יי ב ם די שטוב". —

[7] הויכטון אַף פורזילב. —

[8] אובער: „פלוים" דער o קורץ.

[אין פולונקע: „געווערן" און „געדירן". — „ט ר ו י ע ר י ק (אַדיעקט) ווערט דורט באַטראַכט אַלס „דייטשעריש" (געברויכט פון „די אָנגעלעזנטע"); ייִדיש: „א ו מ ע ד י ק"]. —

[9] דער e איבעראַל דאָ קורץ. —

[10] קורץ, נור ברייטליך (ברייטער פון ליטווישען קורצען o), אופען, קלאָר.—

[11] לשון-נקבה. — מ"צ: „מ ו י ע ר ן"; דעמ': „מ יי ע ר ל". — [12] ווערב.—

[13] מ"צ: „פ ו י ע ר ן"; דעמ': פ יי ע ר ל"; פעמ': „פ יי ע ר ט י". —

[14] זעלטען (נורם: געדירן). — [15] לשון-זכר (מ"צ: ט ו י ב ם). —

[16] לשון-נקבה. — מ"צ: „ש ר ו י פ ן"; דעמ': „ש ר יי פ ל". — [עפטער: „די גווינט"]. —

[17] לשון-נקבה. — מ"צ: „פ ו י ק ן"; דעמ': „פ יי ק ל". —

[18] לשון-זכר. — דער ch וועלאַריש. —

[19] לשון-נקבה. — [„ב ר ו י כ ן" — אומבאַקאַנט (מ'זאָגט: „ד אַ ר פ ן"); „ג ע ש ט ר ו י כ ל ט ו ו ע ר ן" — באַקאַנט פון חדר]. —

אויט[1], קרויט[2]; אוים, אַרוים[3], פּויסט; טוישן, רוישן; אויזם[4], טויזם[2], מויזם[5], טויזנט"[6]

און: „מול[2], קול[7], פּול; פלום[8], שטרום, רומען[9], קום[10]; ברון". —

== ej אַקעגען מה"ד ou[11], ô[11], o[12] איז בכלל געזעץ פאַר אַלע ליטווישע מ"מ. מיר הובען דאָס שוין געזעין פאַר פּינסק[13], הומעל, שקלוו, אַמטשיסלעוו, כּיסלאַוויץ[14], קאַידאַן[15], סטאַוויסקי[16], פולוצק[17], סקידל[18], פולונקע[19]. ענליך אין: וויטעבסק[20], לומזשע[21],

---

[1] ל"נ. — מ"צ: „אויטן"; דעמ': „אַיטל". —

[2] ל"נ. — [3] „אויסגעבם, אַרויסנעמען". —

[4] ל"נ [מ"צ: „אַיזער"; דעמ': „אַיזל"]. —

[5] ל"נ [מ"צ: מאַיזם"]. —

[6] „קלויז" — אומבאַקאַנט. —

[7] ל"ז [מ"צ: „קולן"; קיין דעמ' נישטאָ]. —

[8] פאַר m כמעט פוילישע קורץ. [מ"צ: „פלומען"]. —

[9] „אַרומרומען אין שטוב"; „איינרומען אַ סוד". —

[10] אובער: „זאַמען" (ווערב)! —

[11] שטענדיק. — [12] אין געוויסע גרענעצען. —

[13] אויבען, ז' 219. — [14] אויבען, ז' 220. —

[15] אויבען, ז' 222. — [16] אויבען, ז' 237. —

[17] אויבען, ז' 238. — [18] אויבען, ז' 347. — [19] אויבען 348. —

[20] ej (דער e — קורץ, פאַרדומפּען, אַ מין ö, קען מען זאָגען): „בעים, עיג, ... טעיב, ... עיב, עיד"; אובער: „עווער" (נור: „טייער"). — [„שטעיב, בעידים, בעיערן" — אומבאַקאַנט; מ'באַנוצט: „פּיל (מיט האַרטען l), באַרג, עגבערן". אויך „עיפּס" נישט געברויכט. „עיון" — אין בעקערייַ: „די רובע, רובקע" — אין שטוב]. —

[21] „בעים, עיג, טעיב, רעיד, שטעיב, ....; עיער, .... פאַרשעין, ....; עיוון, עיזן, .... עיב; — עיד"; אובער: „בויערן, עגבויער" (אויסנאַם!). —

מישניץ[1]), קולנע, וולקווישקי[2]) (סווואַלק. ג.), טשעריקוו[3]) (מאָליִוו. ג.). —

ער קומט פֿור אין דרוקזאַכֿען פֿון ליטווישע מחברים. וואַרפֿט זיך, צ. ב., דורך באַ יעקב דינעזון אין „הנאהבים והנעימים" (ווילנע 1875): „וואו ווינט[4]) שמואל דער מילכֿיקער?" (().

אין „דאָנערשטאָג" פֿון מרדכי בדחן (ווילנע 1877): „לייפֿט"[5]) (7, 24, 26).

מער בײַשפּילען — אַף אַנ'אַנדער אורט. —

[צו ז"ז 220—221]. — אין וויטעבסק, אַקעגען מה"ד û: וי[6]) (פֿאַר וואָקאַל, ציטערלויט, דענטאַל), ו[7]) פֿאַר לאַביִאַלע און פּאַלאַטאַלע), אַ[8]) (פֿאַר m). —

[1]) ej (e — וואַרשעווער קורץ): „דער בעים, דער עיק, טעיפּ,.... טעיגן; עיער (מ"צ: עיערן; דעמ': עיערל),.... עיפּס, בעיגן,...., עיפּ". [נישט „שטעיב", נור: „קורזש"]. —

[2]) „בעים, (מ"צ: בעימען!), עיג, טעיב, רעיך, שטעיב, לעיפֿן, קעיפֿן, טעיגן; עיער, נעיט, .... עיך, גרעים, פֿאַרשעין, שטעיסן, שעין, אַזעי; עיוון, עיזן, עיף, עיפּס, בעיגן, בעידים, קעיל, וועיל, .... עיב; עיך" [„הויל" — אומבאַקאַנט]. —

[3]) e — קורץ, פֿאַרדומפּען, אַ מין ö: „בעים (מ"צ: בעימער), עיג, טעיב, רעיך; סטרעי, ברעיט, קרעין, רעיט, טעיט, העיך, גרעים, פֿאַרשעין (=„אַמענץ"), שעים (=„שוין), אַזעי; עיפּסן, טעיער, פֿעיגל, עיב". [„פֿיל" (מיט האַרטען ליקוויד; =„שטויב"); „עווער" (=„אויער"); „סטופּם" (=„שטויסען"); „אַנ'אויוון" (מיט oj!); „באַרג" (=„בוידעם). — „שטויב, נויט, שטויסען, הויל, בוידעם" (אין אַנטשפּרעכֿ' אויסשפּראַך) — אומבאַקאַנט]. —

[4]) =„ווינט". — [5]) =„לויפֿט". —

[6]) דער u קורץ און אַזוי שטאַרק אופֿען, אַז עס הערט זיך כמעט o. — „בויען; מויער, פֿויער, זויער, גידויערן (עפֿטער: געווערן); מויל, קויל, פֿויל, פֿוילן (ווערב); הויט, קרויט; אויס, אַרויס; טויז, מויז, טויזנט (מיט מילדען t, גענויער: מיט מילד-פֿאַרשאַרפֿטען d אין אויסלויט"). — [„הויז" ניט געברויכֿט]. —

[7]) קורצער. — „טוב; שרוף; פּוק, פּוקן (ווערב); בוך (דעמ': באַיכֿל), יוד (דעמ': יאַיכֿל)". — [„ברויכֿן" — אומבאַקאַנט]. —

[8]) קורצער. — צוראַמען (די שטוב) [ווערט געברויכט ספּעציעליש וועגן

[צו ז"ז 221—222]. — אין וואָלקאָווישקי (סוּוואַלק. ג.), אַקעגען מה"ד û,— ou (ביידע גלידער קורץ; איבערגעוויכט אין דיפֿטונג הוט דער o), — אַלזו, ווי אין קאַידאַן. אַזוי: באָוך [1], ...., אָוז [1], ...., אָוט [1], ...., פֿאָולן; אָוס, אַראָוס [2].

פֿאַר וואָקאַל הערט זיך דער u לגמרי נישט. צווישען o און דעם וואָקאַל פֿאַרנעמט דאָס אויער בלויז ווי אַ מין פֿויזע [3]: פֿאָ־ער, זאָ־ער, דאָ־ערן, בעדאָ־ערן [4], באָ־ען [5]. — אין דער קוניוגאַציע, פֿאַר קונסונאַנטישער פֿלעקסיע, דערשיינט דער u (למשל: באָוכט, באָוט, גיבאָוט).

פֿאַר m — קורצער a: ראַמען (די שטוב), קאַם. —

═══ אויך אין קאָל׳נע [6] (ליטווישע מ׳ אַף פּוילישען געביט) ווי אין קאַידאַן: ou (אַקעגען מה"ד û), אובער מיט פֿולגענדיקע אויסנאַמען: פֿאַר וואָקאַל — oj (מיט וועלכען עס קונקורירט דער ou); פֿאַר l און n — o (פּוילישע קורץ, — אַלזו, אַף ליטווישען מאַסשטאַב, לאַנגער וואָקאַל); פֿאַר m — a (קורצער). — הייסט עס:

a) „פֿאָוק [7], פֿאָוקן [8]; באָוך [9], יאָוך [10]; — טאָופּ [11],

---

פֿאַרפּסחדיקען ריין־מאַכען; אין מיטען יאָר זאָגט מען געווייגליך: „צוקלאַבם" (!)]; קאַם. [אובער: „איינרומען אַ סוד"!]. —

[1] א. אַ. וו., ווי אַף ז' 221. — [2] „אָוסגעבם, אַראָוסנעמין". —

[3] אַ שאַרף איבערהאַקען זיך פֿון דער שטימע, אַלס צווישענשייד צווישען די צוויי וואָקאַלען, וואָס בילדען נישט קיין דיפֿטונג. —

[4] אין דער פּאַראַדיגמע: בעדאָער, בעדאָערסט, בעדאָערט. —

[5] אַלס אויסנאַם: אָנטראָיען (אויך: „אונגלעיבם"). — [„ברויכן" (אין אַנטשפּרעכ׳ אויסשפּראַך) — אומבאַקאַנט; מ׳באַנוצט: „דאַרפֿן"]. —

[6] לומז. ג., אוסטרול. א. —

[7] ל"נ. — מ"צ: פּוּקן; דעמ׳: פּאַיקעלי. — [8] ווערב. —

[9] ל"ז. — ch אין דעם גומען וועלאַריש. — מ"צ: „בײַכער" (אויסלויט־ך אוּוועלאַריש); אימינ׳: „בײַכעלי". —

[10] ל"נ. — מ"צ: „יוּכן". — אין רײַכערע הײַזער געברויכט מען דעם וואָקאַבעל „זופּ". — [„ברוּכן" — אומבאַקאַנט; מ׳זאָגט: „דאַרפֿן". אין קול׳נע וווינט איינער אַ פּרושניצער, וואָס באַנוצט זי דעם ווערב, רופֿט אים דאָס גאַנצע שטעטעל: „דער ברוּכער"]. —

[11] אויסלויט: מילדער p. — ל"נ. — מ"צ: „טוּבם"; אימינ׳: „טאַיבעלי" (מ"צ: „טאַיבעלאַך"). —

קלאָובם[1]; שראָוף[2]; — אָוט[3], קראָוט[4]; פֿאָוסט[5], אָוס, אַראָוס[6]; טאָושן[7], געראָוש, ראָושן; אָוס[8], טאָוס[9], מאָוס[10], טאָוזנט[11];

b) „מויער[12] (זעלטען; עפּטער: מאָוער), מויערן[13], פויער[14] (עפּטער: פאָוער), זויער, בויין[15], גידויערן, בעדויערן[16], טרויערדיק[17].

c) מאָל[18], קאָל[19], פֿאָל; ברין;

---

[1] די איינגעטיימליכע אויסשפּראַך פֿון קול׳נער l וועט דאָ נישט באַריקזיכ־טיגט ווערען, וואָרום אַ גענויערער איבערגאָב פֿון דערדוזיקער אויסשפּראַך וואָלט צו פֿיל קומפּליצירט די טראַנסקריפּציע. ווער עס וויל וויסען, ווי דער l ווערט אויסגעשפּראָכען אין קול׳נע אין דער אודער יענער שטעלונג, זאָל נאָכזעהן אין מיינע „דיאַלעקטאָלאָגישע פֿאָרשונגען" I 57 פֿפֿ.

[2] ל״ז. — מ״צ: שרויפֿן; אימינ׳: שראַיפּעלי (מ״צ: שראַי־פּעלאַך"). —

[3] ל״נ. מ״צ: אויטן. — [4] ל״נ. — [5] ל״ז. מ״צ: פֿויסטן. —

[6] „אויסגעבם, געב־אויס; צוּזוכנעמען, נעם־אַרויס". —

[7] ... געלט (אויך: „בייטן געלט"). —

[8] מ״צ: אַיזער; אימינ׳: אַיזעלי (מ״צ: אַיזלאַך, אַי־זעלאַך). —

[9] מ״צ: „טאַיז" (מיט דיטליכען, בלויז קוים־קוים פֿאַרשאַרפֿטען, עטימאָ־לאָגישען ספּיראַנט אין אויסלויט!); דעמ׳: „טאַיזי". —

[10] מ״צ: „מאַיז" (!); דעמ׳: „מאַיזו" (מ״צ: „מאַיזלאַך"); אי־מינ׳: „מאַיזעלי" (מ״צ: „מאַיזעלאַך"). —

[11] [„קלויז" (אין אַנטשפּר׳ איבערשריפֿט) אומבאַקאַנט; מ׳ווייסט פֿון אַ „שול", פֿון אַ „ביסמעדריש"]. —

[12] ל״ז, מ״צ: „מויערן, מויערן"; דעמ׳: „מייערו". — [13] ווערב. —

[14] מ״צ: „פויערים, פויערים"; פֿעמ׳: „פויערטי, פויערטי". —

[15] זעלטען; עפּטער: „אויפשטעלן אַ אויס". — [16] „חרטה האָבען". —

[17] „נוך פֿוטער אודער מוטער". — אים אַלגעמיין: פֿאַרטראַכט (ד. ה.: אומעטיק, סמוטנע). —

[18] ל״נ. — מ״צ: „מאַילער"; אימינ׳: „מאַיכעלי" (מ״צ: „מאַי־כעלאַך"). —[a] און aj — פּוילישע קורץ; ch איבערגאַל וועלאַריש]. — [19] ל״נ. —

## d) „זאַמין [1] (זאַד), ראַמין [2], קאַם" [3]. —

[נוך צו ז׳ 222]. — אָו אַקעגען מה״ד û זעיען מיר, אַלזו: .אין פּױליש־ייִדישע מ״מ [4], אין גאַליציִשע [5], דרום־רוסלענדישע [6], ליטווישע [7].

אויך אין דיאַלעקטאָלאָגישן ווערטערבוך פֿון איציג פֿײַטעל שטערן [8] (די וואָקאַבלען זענען טראַנסקריבירט לויט די ייִדישע מ״מ פֿון „פֿראַנקען, בײַערן, שוואַבען, העסען און אַמאָליקן דײַטשען רײַך") איז אָו דער אַנטשפּרעכער פֿון מה״ד û. — אַזוי [9]:

1) פֿאַר לאַביִאַלע:

Butt [10]) roschi [11]), Hut, Kappen, **Houben** [12]) (24);

Kischef, **Zouberey**, Hexerey (46);

---

מ״צ: „קולן". — [עפּטער: „פֿוּלין"]. —

[1] לויט דער פֿאַרזיכערונג פֿון איניקע קולנער, געברויכן דעם ווערב נור — די פֿרויען! —

[2] „אויסראַמין די שטוב", „אײַנראַמין אין אײַער אַ סוד". —

[3] אובער: „די פֿלאָום" (מ״צ: „פֿלוּמין"). —

[4] אויבען ז״ז 215, 331, 332. — [5] אויבען ז״ז 230, 231. —

[6] אויבען ז״ז 216, 234, 334, 335. — [7] אויבען ז״ז 221, 222, 238. —

[8] מינכען 1-33 (איך ציטיר דעם צווייטען אויסגאַב: לײַפּציג און מײַסן 1858). — זעי מײַנע „ייִדישע דיאַלעקטאָלאָגישע פֿאָרשונגען", I, ז׳ 105 (אַנמ׳ 10 אונטער׳ן טעקסט) און ז׳ 108פֿ. (אַנמ׳ 9 אין טעקסט). —

[9] דאָס ערשטע וואָרט (עווענטועל, די ערשטע ווערטער) אין יעדער שורה, שפּאַצירט, — העברעיִש. —

[10] אַף דעמאײַגענעם זײַטעל: Butte („איבערציִעכץ, באַדעקעכץ"), Butt Iattajim („הענטשקעס"), Butt Raglajim („זוקען"), Butt schkaim („הויזען"); דער ערשטער וואָקאַבעל איז דאָס העברעיִשע („ב ת י") (פּלוראַל פֿון „ב י ת"). — באַ אַוועַ־לעַלעמאַנט IV 341: „בתי ידים, "Botte jadajim", „בתי שוקים, Botte schukajim". —

[11] „ראשי" („מלון" 1062) — אַדיעקט פֿון „ראש" (קאָפּ). —

[12] לעק׳ 108: Hûbe (אויך: Hoube) ה״וו Mütze als Kopfbedeckung für Männer und Weiber, Haube (א, אַז. וו.).

Kischefen [1]), Hexen, **Zoubern** (46);

Balschem [2]), Hexemahster [3]), Geisterbanner, Kabbelist, **Zouber**mahster (18);

Iezirah [4]), e **Zouber**buch, von Afrum verfasst (41);

Schemhamphorasch [5]), der erklärte Nume; e **Zouber**wort, alle Wunder dermit ze thun [6]) (73);

Noke [7]), **souber**, rein (66);

Nokias [8]), **Souberkeit**, Reinlichkeit (66);

Enef [9]), die Weihn**trouben** [10]) (32);

Minjen [11]), **Houfen** [12]), Ahnzahl, Geld; Versammling vun wienigstens 10 vun unnere Leut (61);

Charje [13]), e Hahfen [14]) Drek, e Kothh**oufen**... (25);

---

ליפשיץ 81: „הויב" (tschjepjetz, tschjeptschik), „הויבן-פּיצערן"; הורוויץ 41: „הויב" („צניף, שבים"); האַרקאַווי 125: „הויב" („cap"); דרייזין 805 זעצט-איבער דאָס רוסישע tschjepjetz מיט: „טשעפּיק, הויב".

ווען אַף ז' 61: **Hauben** איז דער -au- אודער טעות-הדפוס, אודער גלאַט א פֿאַרזעיען. —

1) „כּשוף" (נאָמען), „כּשופֿען" (ווערב). — זעי: ספּיוואַק-יהואש 125. —

2) „בעל-שם" (l. c. 38). —

3) -ah- == -â- == -aj-. — 4) „יצירה" (l. c. 111). —

5) „שם-המפורש" (l. c. 259). —

6) אַף ז' 42: Zauberkunst (דער -au- — פֿאַרזעיען). —

7) „נקי" (l. c. 189). — 8) „נקיות" („מלון של כּים" 717). —

9) „ענב" (l. c. 853). —

10) ז' 40: „**I a u n o**, die **Taube**"; ז' 41: „**I o n e**, e **Tauben**" (-au- — דורך פֿאַרזעיען). —

11) „מנין" (ספּ'-יהו' 163). —

12) מה"ד: **hûfe** (און: houf); אַה"ד: **hûfo** (און: houf); נה"ד: Haufen [זעי: קלוגע 194]. —

13) זול דאָס זיין: „הריה" („מלון" 222)? —

14) אַקעגען מה"ד **houf**! (ד. ה. â אַקעגען מה"ד ou). —

Messummen [1]) is das Beschte ouf [2]) der Welt: Geld; baar (60);

Schottenfellen [3]) is Stehlen ouf [2]) Messen unn Märkt in die Buden (75—76).

---

1) „מזומן" (כּפּ׳ 140). —

2) אַקעגען מה״ד ûf. — פּרעפּאָזיציאָנעל צוּלוּ זעלטען. עפּטער: af; צ. ב.:

Ausek seyhn, sich af Eppes verliegen; fleissig seyhn (17);

Bachebe is e Feigen, aber afs Ohr ouder dien Backen, mer hahsts en Ohrfeig (17);

Ed eref: bis afn Obend (31);

Kappore, Opfer, Versöhning. An Ion Kipper werd e Gockel umgebracht unn alle Sünde af ihn geworfen. Der Gockel is unner Kappore (44);

זעי אויך ז״ז 15, 45, 49, 67 א. אַז. וו..

ז״ז 32 און 44: auf (-au- — דורך פֿאַרזעיען). —

3) אַווע-לאַלעמאַנט IV 603—604 רעגיסטרירט אין ווערטערבוך פֿון דער דייטשישער גנבים-שפּראַך: Schotenfäller, Schottenfeller, Schautenpicker, Schautenfeller („דער גנב, וואָס גנב'עט אַוועק סחורה, צירונג, ווערטזאַכען אודער מזומן געלט באַם קויפען, דינגען אודער בייטען, אין אַנוועזנהייט פֿון סוחר אודער בייטער"); לשון-נקבה: Schotten-Schautenpickerin, fällerin; ווערבען: Schottenfällen, Schautenpicken.

דאָס ערשטע גליד פֿון קומפּאָזיטום איז Schote, Schaute, Schotte (העברעיש: „שוטה"), וואָס באַצייכענט אין דער דייטשישער גנבים-שפּראַך „דעם נאַר, דעם טפּשוואַטע, דעם פּרוסטאַק, וואָס לוזט זיך אין די אויגען באַשווינדלען אודער באַגנבענען, דערהויפּט דעם פֿאַרקויפֿער אודער געלט-בייטער, וואָס לוזט זיך באַגנבענען באַם סחורהטויש אודער באַם געלטבייט-טויש".

פֿאַרגלייך: מיינע „ייִדישע דיאַלעקטולוגישע פֿורשונגען" I ז' 101 אָנמ' 2 אונטער'ן טעקסט. —

**Almemor**, der Pult inmitten der Synagogen, wur**ouf** [1]) die zehn Gebot gelegt worn, wenn derous vorgeliesen word (15);

**Masseltoff** [2])! Gut Glück! Glück**ouf**! (54);

**Aule** [3]), ahfsteigen [4]), wachsen, **nouf**kumme, awangsiren (16);

**Besamlef** [5]), ernstlich, **ou**frichtig [6]) (21);

**Chozer** [7]), Hofr**oum** [8]) (28).

2) פֿאַר דעגנטאַלע:

**Kalle** [9]), die **Brout** [10]) (43);

**Chasseremschlupfer** [11]), Hochzichmacher, Kuppler, Hochzichlader, **Brou**twerber (25);

**Saflunes** [12]), Gértel, e **Brou**tgeschenk (72);

**Schuschef** [13]), **Brou**tführer, Bräutigamsführer, Hochzichlader (76);

---

1) ז' 22: „Mer sagt **drouf**“ [ז' 43: „wo **druf** (!) steht“]. —

2) „מזל-טוב“ (ספ' 150). — 3) „עולה“. —

4) „ahf-“ — אַקעגען מה"ד ouf [אויך ז' 35: „Ahfsteiging“]. —

5) „בשים-לב“ („מלון“ 1127). —

6) פֿורזיִלביק איז באַ שטערן ouf- — נורם [Oufsehe (30); die Ouferstehing (46, 79); oufgelöst (47); ouferwecken (55); Ouflauf (57); ouflesen (60); Sunneoufgang (43, 60); oufmuntern (60); oufreissen, oufthun (69); oufwärten (73); Oufseher (74); Händouflegen, ouf-hören (77) א. אַז. וו.]. ז' 49: Afmerriksamkeit; ז' 52: afmerksam. —

7) „חצר“ („מלון“ 322). —

8) מה"ד, אַה"ד: rûm (נה"ד: Raum). — [ז' 15: Daumenfinger; ז' 34: Zaun (au — פֿאַרזעיען)]. — ז' 19: kahm (== „קוים“)! —

9) „כלה“ (ספ' 120).

10) לעק' 30: brût (און: briut, brout). —

11) העברעיִש איז נור דאָס ערשטע גליד פֿון קאָמפּאָזיִטום („חזירים“). —

12) אַוועל-אַלעמאַנט IV 415—416 רעגיִסטריִרט אין ווערטערבוך פֿון די העברעיִשע וואָקאַבלען, וואָס זענען איינגעביִרגערט אין דער ייִדישער שפּראַך: „סבלונות“ siwlonos („די מתנות, וואָס דער חתן שיִקט דער כלה ניִשט לאַנג פֿאַר דער חתונה“). — 13) „מלון“ 1168: „שושבין“ („אונטערפֿיִרער; פֿרײַנט“). —

E s e f [1]), Tobak, **K r o u t** (33);

O r [2]), Fell, **H o u t** [3]) (76);

M e a c h e s [4]), Zoll, **M o u t** [5]), Pflasterzoll (55);

M e a c h s e r, Zollner, **M o u t n e r** (55);

C h o l [6]), die Stimm, der **L o u t** [7]), der Schall (28);

B e k u a c h [8]), **l o u t** [9]), deutlich, verniemlich (20);

Z o r e [10]), Kummer, Verdruss, Lahd, Schreck, **G r o u s** [11]) (84);

B ä j e s [12]), e **H o u s s** [13]) (17);

B a l B a j e s, **H o u s** sherr, **H o u s** svater, **H o u s** smahster [14]) (17);

K i n e [15]), die **L o u s** (46);

---

1) „עשב" („מלון" 896). — 2) „עור" (l. c. 819). — 3) ז"ז 67, 69: Vorhaut (au — פּאַרזעיען). — 4) „מכס" (ספּ' 157). —

5) אַ בײַעריש װאָרט [מה"ד: mûte (אַה"ד: mûta („צול"); נה"ד: Maut („צול")]. — זעי קלוגע 304. —

6) „קול" (ספּ' 233). —

7) מה"ד: lût (נה"ד: Laut) — זעי: קלוגע 277. —

8) „בכח" (ספּ' 29). —

9) אויך אַף ז' 14. — מה"ד, אַה"ד: lût (אַדיעקט). — זעי: קלוגע 276. —

10) „צרה" (ספּ' 228). —

11) מה"ד: grûs (נה"ד: Graus) [טײַטש: „Grausen, Schrecken“]. — זעי: קלוגע 178. —

12) „בית" (ספּ' 27). —

13) אויך אַף ז"ז 21, 49, 50. — אין קאָמפּאָזיציעס: Bäckenhouss (16); Kupelazionshouss, Freudenhouss (21); Hurenhouss (21, 75); Garten-houss (34); Pfarrhouss (34); Zuchthouss (36, 64, 75); Krankehouss (38); Warthshouss (39); Pfandhous (53); Arbeitshouss (64). — [33: Routhshauss (au — דורך פּאַרזעיען)]. —

14) נאָך: Housthür (30), Houswarthschaftsgeräth (46), Houshalt (59, 81), Houssbrod (68). — [49: Hausbrod]. —

15) „כנה" (ספּ' 122). —

Achper [1]) is e **Mous** (13);

Taneschmes [2]), die Leder**mous** (79);

Achprosch, eigentlich Achper-Rosch [3]), **Mous**kopf, pfiffiger, raffenirter Mensch, Schlingel, Schellem, Voketives, Dieb, Spitzbub, Tuckmäuser (13);

Hifsek [4]), **Pouse** [5]), Zwischenakt (39);

Dorfdrucken [6]), **ous** [7]) die Taschen ganfen (30);

Iezias Mizraim [8]), der Ouszug **ous** Aegypten (41);

Sedre [9]), e Lekziuhn **ous** die mosaische Schriften (75);

Akem [10]), e Fremder, e **Ous**gschlossener [11]), en **ous**ländischer [11]) Mensch, e Goj (15);

---

1) „עכבר“ („מלון“ 832). — 2) „תנשמת“ (l. c. 1192). —

3) ד. ה. „עכבר־ראש“. אויך אַוועֿ־לאַלעמאַנט IV 425 דערקלערט אַזוי די עטימאָלאָגיע פֿון דעם וואָקאַבעל, הגם אים געפֿעלט אויך טענדלאַום (a. a. O. 91) השערה, אַז פֿאַר אים איז דער „עכברי רשעי“ פֿון תלמוד ירושלמי (בבא מציעא 86). — 4) „הפסק“ (ספּ' 68). —

5) מה"ד: pûse (נה"ד: Pause), גענומען פֿון פֿראַנצייזישען pause (לאַטייניש, איטאַליעניש: pausa). — זעו: קלוגע 337. —

6) אַווע־לאַלעמאַנט IV 616 אין ווערטערבוך פֿון דער דײַטשישער גנבים־שפּראַך: Torfdrucker (קעשענעגנב, „בײַטעלשנײַדער, בײַטעלציִער“).

דאָס ערשטע גליד פֿון דעם קאָמפּאָזיטום: Torf [= „toraph“ (טרף)] — אַף דײַטשיש גנבים־לשון: „דורך רויב, אָנפֿאַל און איבעראַשונג געהיים און געשיקט געקריגענע און אַוועקגעטראָגענע זאַכען, דערהויפּט פֿון אַ קעשענעגנבה“; דאָס צווייטע גליד פֿירט אַווע־לאַלעמאַנט אַרויס פֿון נידערדײַטשישען trekken („ציִען“). —

7) פּראָווינציִע. — אַף ז' 15: derous (פּראָווינציאַל־אַדוורב); אַף ז' 29: droussen (אַדוורב). —

8) „יציאת מצרים“ (ספּ' 111). —

9) „סדרה“ (l. c. 192). — 10) „עכו"ם“ (l. c. 205). —

11) פֿורזילביק בײַ שטערן ous- — נורם: — oussprechen (14, 40, 48); ousleihe, ousborgen (14); ousgespötzelt, verousgsotzt (15); ous-fragen (17, 68); Ousrufing (17, 78); Ouskundschaften (17); Ousleging (18,

Aglah is e Wort, wu mir die Feuersbrünst dermit auslöschen kenn, wenn mers an die Thür ouder die Wand vun Nachbers bajes schreibt, wu es brennt. Gehts Feuer **ous** [1]), se holfts (15);

Hakel'bakel [2]), Alles mitenander, per **Bousch** [3]) unn Bogen, überhapts [4]) (37);

---

;(19) ousdrücklich ,ouslesen ;(23 ,19) oussuchen ;(68 ,57 ,40 ,35 ,31
Ous- ;(22) ousreissen ,uhnousgesetzt ;(62 ,22) Ousred ;(22) Ousflucht
Ous- ;(48 ,29) Ousspruch ;(26) ouszanken ;(24) ousputzen ;(23) wahl
oussinne ,ousgeklopft ;(31) ousforschen ;(60 ,30) ouslegen ;(30) leger
Ous- ,ousrufen ;(74 ,47 ,46 ,45) Ousrotting ;(82 ,40) Ousgang ;(38)
ouseinan- ;(55) oussaugen ;(52) ousbessern ,Ouszehring ;(48) rufer
,Oussteuer ;(61) oussätzig ;(60) ousrotten ;(59 ,57) dersetzen
,ousbatterschen ,Ouslösing ;(63) ousgeben ;(65) Ousgiessing
Ous- ;(79) Ousübing ,ousschütteln ;(68) ousgeschämt ,ousgechörpent
.א. אַ. ז. ,(82) Ousruf ;(81) kunft
aussöhnen :57 'ז ;Aushängschild :50 'ז ;auslöschen :15 'ז
(פֿאַרזעיען). —

[1]) אַדוואַרביַאַל. — צַף ז"ו 16, 26: aus (אַ פֿאַרזעיען). —

[2]) כּפּ' 64: „הפּל-באַשר-לכּל". —

[3]) מה"ד: bûsch [אין מיטמש: „Knüttel, Schlag, der Beulen gibt, Wulst" (קלוגע 41)]; נה"ד: Bausch [אין טיטש: „קישעלע (וואָס מ'לייגט-אונטער אונטער עפּעס), בוּף (בּאַ אַ קלייד); אַרויסשטאַרץ, רעליעף"; „in Bausch und Bogen" איז אַ בּילדליכער אויסדרוק, = „אַלץ מיט-אַנאַנדער, אַלץ מיטאַמאָל" (זעי: זאַנדער 162)].

מה"ד ווערב: bûschen, biuschen (לעק' 32, 25), אין טיטש: „שלאָגען, קלאַפּען"; — נה"ד (זאַנדער 162): bauschen [אינטראַנזיטיוו, מיט „sich" — רעפֿלעקסיוו: „אָנבלאָזען זיך, שוועלען, אויפֿליפּען"; טראַנזיטיוו: „אָנבלאָזען"], אויך: pauschen (זאַנדער, 946).

אין קרעמענ׳ין: אָנפּאָוושען (יוּאַד). — ליטוויש 29: „אָנפּוישן" („putschitj, naprushitj, wsputschiwatj"); דריזין 568, 87, 296, 590: „אויפּפּוישען" („wsputschitj, putschitj"), „אָנפּוישען" („prushitj, naprushiwatj"). —

[4]) â אַקעגען מה"ד ou (אויך ז' 22: „Bichlal, geradzu, überhapts"). —

**S c h i k r e s** [1]), **R o u s c h**, Trunkenheit (74);

**S c h i k e r** [2]), betrunken, **b e r o u s c h t**; **R o u s c h**, Trunkenheit (73);

**C h i l f e n** [3]), wechseln, **t o u s c h e n**; beym Geldwechseln **lekeachem** unn ganfen (27);

**S e r s e n e** [4]), handeln, **t o u s c h e n**, trokiren (77).

3) פֿאַר גוטוראַלע:

**T o p p** [5]), die **P o u k e** (81);

**B e t e n** [6]), der **B o u c h** (21);

**S c h o m n u n i t** [7]), Schmer**b o u c h** [8]), e fahster [9]) **b o u c h e t e r** Mensch (75);

**M e n u c h e** [10]), Ruh, Stille; — **G e b r o u c h**, Herkumme (59)

**S c h i m u e s c h** [11]), der **G e b r o u c h** (74).

4) פֿאַר וווקאַל אָדער צימערלוים:

**B i t t o c h e n** [12]), das **Vertroue** [13]), die Versichering (22);

**N a c h l e** [14]), e Gut, e **Boueregut** [15]) (64);

**C h a u m e** [16]), die **Mouer** (26);

**C h a u m e r** [17]), der **M o u r e r** (26);

**C h a m e z** [18]), **s o u e r**. Is net süss [19]) (25);

---

1) „שכרות" („מלון" 1134). — 2) „שכור" (ספ' 256). —

3) „הלופ'ן". — אַווע-לאַלעמאַנט IV, 528, פֿון דער דײַטשישער גנבימשפּראַך: chalfenen, chilfen, chillefen, chilfenen, mechallef sein („בײַטען, גנבענען באַם בײַטען"). —

4) ווערב פֿון שורש „סרס" („מלון" 792). —

5) „תֹּף" (מלון" 1194). — 6) „בטן" (l. c. 81). —

7) „שמנונית" (l. c. 1147). — 8) „גרויסער בויך". — 9) „פֿעטדיק". — 10) „מנוחה" (l. c. 593). — 11) „שמוש" (l. c. 1144). —

12) „בטחון (ספ' 26). — 13) ז' 47: traue (au — כאַרזעיען). —

14) „נחלה" (l. c. 185). —

15) ז' 43: B a u e rkerchweih; ז' 47: Bauer (au — פֿאַרזעיען). —

16) „חומה" („מלון" 277). — 17) „חומר". —

18) „חמץ" (l. c. 306). —

19) צַף ז' 25: Sauerer (au — פֿאַרזעיען). —

Majem chamuzem, **Soue**rwasser, **Soue**rbrunn, Minerolwasser (51—52);

Efeles [1]), **Trouer** (31);

Tischebeaf [2]), Tempelzerstöring. Is e **Troue**rfest bey uns Jüden (80);

Efelesen [3]), **trouern**, Lahd [4]) tragen (31);

Metofel [5]) seyhn, **trouern** (61);

Gria [6]) is der Riss in die Klahder [7]), wenn mer **trouert**. Gria hahst also **Trouerriss**, gewaltiger Schmarz. E Gria **gerissen**! hahst: Ach unn waih geschriea! (36);

Oufel [8]), e **Trouernder**, Lahdtragender [9]) (68);

Azel [10]), **foul** (17);

Hifelefulem [11]), Narretheye, Possen, Schwänk, **foule** Fisch, Ränk (33);

Azle [12]), die **Foulheit** (17);

Batlon [13]), Müssiggänger, **Foulenzer** (19);

Suss [14]), Pfer, **Goul** [15]) (78);

Beh [16]), Mund, **Moul** (20);

Pere [17]), Esel, **Mou**lesel (68). —

1) „אבלות" (ספ' 2). — 2) „תשעה־באב" (l. c. 277). —
3) ווערב: „אבלות'ן". — 4) „לייד". —
5) פֿון „טפל" („מלון" 359)? — 6) „קריעה" (כפ' 238). —
7) „קליידער". — 8) „אָבל" (l. c. 2). —
9) צַף ז' 19: trauern (au — פֿאַרזועיען). —
10) „עצל" („מלון" 867). — 11) „הבלי־הבלים" (כפ' 62). -
12) „עצלה" („מלון" 867). — 13) „בטלן" (ספ' 26). —
14) „סוס" (l. c. 193). —
15) מה"ד: gûl [„ווילדער חזיר" און „אַנ'ער פֿון אַ היה בכלל"; ערשט שפּעט און זעלטען שווימט־אויף די באַטייטונג „Gaul" („פֿערד")], זעי: קלוגע 159. —
16) „פה" („מלון" 914). — ז' 56: Leckermaul (au — פֿאַרזועיען). —
17) „פרא, פרה" („מלון" 961). —

דער ou אַקעגען מה"ד û איז נורם אויך אין אַנדערע ווערק פון דעמזעלביקען מחבר.

זעי, צ. ב.:

„GEDICHTER, PEROBELN unn SCHNOUKES fer unnere Leut. — Ae Roretät poetische Parleschnur um de Kalle ihren Hals, vun Itzig Feitel Stern. — I. Thaal. Zon Vierten Mol oufgeligt, vermehrt, unn mit randglossenhaftige Ahnmerkinge behaft, mit än lexekumistische Ahnhängerlich vun wiegen de lossenkodeschen Wärter versiegen, unn mit ellef ganz neue englische Kupferstichlich ousgetaplezirt, wie mer se nor in Peris haben kann. Eppes en Extre Roretät. — Meissen 1852. Fr. W. Goedsche'sche Buchhandlung. (O. Fr. Goedsche).“ [1])

אויך:

„געדיכטער, פּעראָבעלן אונד שנאָקעס צווייטער טייל

„Gedichter, Perobeln und Schnoukes fer unnere Leute, Zwey-unnere Leut de קנאָבליך בליהען ter Thahl, ouder Knoblichblüthe Sterne unn de Schlief dermit ze kränzen. Gizougen unn wachsen gelosst vun Itzig Feitel Stern. Mit ganz rore Kupferstichlicher unn e Mosik ousgetapezirt aach mit en Ahnhenkerlich versiegen. Meissen, bei F. W. Goedsche.“ [2])

די שמוציקע אַנטיסעמיטישע שמאַטעס זענען פֿאַרפּאַסט אין מונדאַרט־ליבען יידיש (געדריקט מיט דייטשישער שריפֿט) און זענען כולל אַ מענגע מאַטעריאַל פֿאַר דער יידישער דיאַלעקטאָלאָגיע. —

אין דרייצעטען יאָרהונדערט איז דער מה"ד û אין די באַי־ערישע מ"מ (געהערען צו אויבערדייטשיש) איבערגעגאַנגען אין [3]) ou.

פון דעם ou איז שפּעטער געוואָרען au. — דערדויִקער פּראָצעס (û — ou — au) האָט זיך אַריבערגעוואָרפן אַף די שכנותדיקע מזרח־פרענקישע

---

1) 107 ז"ז, קלענער 8⁰. —

2) 143 ז"ז, קלענער 8⁰. —

3) זעי: Prof. Dr. Hans Reis: „Die deutschen Mundarten“. (Sammlung Göschen № 605). Berlin und Leipzig 1912. — s. 80. —

מ״מ (זענען אַ אונטערגרופּע אין דער אויבערפֿרענקישער גרופּע פֿון אויבערדײַטש), און פֿון דאַנען האָט ער זיך פֿאַרשפּרייט צוויש דעם גרעסטען טייל פֿון מיטעל־דײַטשישען; די דײַטשישע שריפֿטשפּראַך האָט דעם au אַקצעפּטירט [1]. — אויך דאָס זיבענבירגישע (מוזעלפֿרענקיש שפּראַכאינזעל אין מזרח־אונגאַרן) האָט au [1].

דאָס מערבפֿרענקישע [2] (אָדער מוזעלפֿרענקישע, געהערט צו דער מערבמיטעלדײַטשישער גרופּע פֿון מיטעלדײַטשישען) איז, אָבער, געבליבען שטיין בײַ ou; אויך דאָס שוועבישע [3] (געהערט צו דער אַלעמאַנישער גרופּע פֿון אויבערדײַטשישען). מ׳זאָגט דאָרט: ous, Mous, Hous.

איניקע מיטעלדײַטשישע מ״מ האָבען נאָך דעם מה״ד û; אָבער אויך זיי דיפֿטאָנגירען אים וואָרט־אין פֿאַר וואָקאַל און וואָרט־אויס [4]; צ. ב.: boue („בויען״). —

אָנמערקונג 1. — דער איבערגאַנג אין טופּעללויט האָט אין הויכדײַטשישען נישט געקענט פֿורקומען, ווען דער û איז שוין פֿרי פֿאַרקירצט געוואָרען, געפֿינענדיק זיך אין אַ וואָרט, וואָס פֿלעגט זייער אָפֿט געברויכט ווערען אין אומבאַטאָנטער שטעלונג [5]. אַזוי לאָזט זיך דערקלערען דער דײַטשישער ליטעראַרישער du [6] אַנשטאָט דעם לויטגעזעצליכען dau, וואָס קומט טאַקי פֿור אין איניקע מ״מ; אויך דער uff [7], וואָס איז זייער פֿאַרשפּרייט אין מערבמיטעלדײַטשישען [8]. —

[1]) רייז 80 (זעו אויך אויבען ז׳ 223). —

[2]) דפֿד״ו 80, 119. — אויך דאָס פֿרענקישע ייִדיש! (אויבען 353 פֿפֿ.). —

[3]) דפֿד״ו 80. — אויך דאָס שוועבישע ייִדיש (אויבען 353 פֿפֿ.). —

[4]) דפֿד״ו 118. — [5]) דפֿד״ו 80. —

[6]) מה״ד: dû, אָבער אויך duo און du. — אַקעגען אָט דעם לעצטען du (מיט קורצען וואָקאַל) האָבען די ליטווישע ייִדישע מ״מ: דו; אַלטע איבעריקע: דוּ. —

[7]) == auf. — זעו אויך אויבען ז׳ 239. —

[8]) אַנאַלאָגיע צו דעם uff איז דאָס ליטווישע אוף (אויבען ז״ז 223, 239), אַקעגען וועלכען די פּוילישע און דרום־רוסלענדישע מ״מ האָבען לויטגעזעצליך אויף (אויבען ז״ז 225, 226); הורנאָסטאַיפּול: אײַף (פֿורזיל־ביק און אַדיעקטיוויש — אַלזו הויכטאָניק).

אָנמערקונג 2. — ווי פּראָפֿ. רייז ווײַזט אָן, האָט דער דיפֿטונג au[1] אין די הויכדײַטשישע מ"מ אָנגעהויבן אַ ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג — דורך דעם, וואָס דער ערשטער טייל פֿון טופּעללויט איז פֿאַרלענגערט געוואָרן. אין טיילן פֿון פֿעלציש[2] און העסיש[3] הערט מען: Haaus, aaus, Maaul. צוליב פֿאַרלענגערונג פֿון a האָט דאָס צווייטע גליד פֿון דיפֿטונג געמוזט אָפּגעשוואַכט ווערן; אין אייניקע ערטער איז די אָפּשוואַכונג דערגאַנגען ביז פֿולשטענדיקן פֿאַרליסט פֿון דעם u, דערהויפּט דורט, ווו דער דיפֿטונג איז בכלל פֿאַרקירצט געוואָרן דורך אַנאַלאָגיע אָדער איבער שוואַכערע באַטאָנונג. באַיעריש האָט: af[4] (auf), kam[5] (kaum); לויזיציש[6]: fala (fauler); אויבערהעסיש: Scham[7] (Schaum). —

אויך אייניקע פּלאַטדײַטשישע (ניִדערדײַטשישע) מ"מ, אין וועלכע דער וועסטגערמאַנישער û (== אַה"ד, מה"ד û) איז געבליבן אָהן ענדערונג (זעי: פּראָפֿ. ד"ר הובערט גרימע, „פּלאַטדײַטשישע מונדאַרטען", לייפּציק 1910; ז' 36), האָבן די פּרעפּאָזיציע up (מיט קורצען וואָקאַל — אָפּגעשוואַכט צוליב פּראָקליטישער שטעלונג); אַזוי די מ"מ פֿון מזרחבעוועדן (דורף און געמיינדע, 3 1/2 שעה ווענס פֿון מינסטער אין וועסטפֿאַליען) און שטאַווענהאַגען (שטעטעל אין מעקלענבורג-שווערין, האַרט באַ דער גרעניץ פֿון פּומערן). —

[1]) אַנטשפּרעכער פֿון מה"ד û. —

[2]) פֿעלציש אָדער ריינפֿרענקיש איז אַ אונטערגרופּע אין מערבֿ-מיטעלדײַטשישען. —

[3]) אויך העסיש איז אַ אונטערגרופּע אין מערבֿמיטעלדײַטשישען. —

[4]) מיט קורצען וואָקאַל; פֿאַרגלײַך מיט'ן יידישען אַף (אויבען 226, 231, 232, 233, 235 פֿ., 238), וואָס שטייט שטענדיק פּרעפּאָזיציאָנעליש און דעריבער פּראָקליטיש (מיט קורצען וואָקאַל). —

[5]) מיט קורצען a; פֿאַרגלײַך מיט'ן יידישען קאַם (אויבען 228, 239, 347, 348, 351, 353), וואָס שטייט דאָס רוב אין שוואַך-באַטאָנטער שטעלונג, מיט קורצען וואָקאַל. —

[6]) לויזיציש-שלעזיש איז אַ אונטערגרופּע אין מזרחמיטעל-דײַטשישען. —

[7]) מיט קורצען a; פֿאַרגלײַך מיט'ן ליטווישען קורצען a (אַקעגען מה"ד û) פֿאַר m (אויבען 228, 238, 239, 347, 348, 349, 350, 351, 353). —

═══ דער פּויליש־יִידִישׁער oo אַקעגען מה״ד û [1] האָט אַ אַנאַלאָגִיע אין נִידערשׁלעזִישׁען (אונטערגרופּע אין לויזיציש־שלעזישען), ווי מ׳זאָגט: Floom („פֿלוים״), Zoon („צוים״), Kroot („קרויט״), Hoos („הויז״) [2].

ריַיז [3] מיינט, אַז דער נִידערשׁלעזִישׁער oo הוט זיך אַנטוויקעלט פֿון au. דהיינו: a- איז געוואָרען אויסגעצויגען, אובער ניט אין aa, נור אין oo — אונטער דער ווירקונג פֿון u-, וואָס הוט אַסימילירט דעם a-, דערנעענטערט אים צו זיך, פֿאַרטונקעלט אין o, און דערנאָך אַליין אָפּגעשוואַכט און פֿאַרשוואונדען געוואָרען. —

פּרופֿ. ריַיז [3] האַלט דעם נִידערשלעזִישען oo פֿאַר דִיפֿטונג, און זאָגט, אַז ווען אַזעלכע מין אַנטוויקלונגען [4] זאָלען זיך ווייטער ציען, וואָלט אויך דערדוזיקער „נייער״ טופּעללויט, אייגענטליך, געקענט איבערלעבען דיאייגענע מעטאַמורפֿוזען, ווי די אַלטע [5]; דוך האַלט דערפֿון אָפּ דער אין דער לעצטער צייט באַזונדערס שטאַרקער איינפֿלוס פֿון דער שריפֿטשפּראַך.

**אין פּוילִישען יִידִיש האָבען מיר יאָ ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פֿון דעם oo; דהיינו: דעם דיפֿטונג ־אָֽע־ (oe) [6]. —**

---

[צו ז׳ 223 [7]]. — אַקעגען מה״ד קורצען o הובען די יִידִישע מ״מ:

---

[1]) זעי איבען 213 פֿפֿ., 223 פֿפֿ., 311, 326 פֿפֿ.. —

[2]) אינטערעסאַנט: אינדוגערמאַנישער û בלייבט û (הויכטוניק, נאַטירליך) אין אַלטאינדישען (סאַנסקריט), לאַטיינישען, אַלטאיסלענדישען, אַנגעלזעקסישען, אַה״ד, מה״ד [ד״ר ריכאַרד לעווע: „גערמאַנישע שפּראַכוויסענשאַפֿט״ (לייפּציק 1905) 36]; אין גוטישען, דאַגעגען, איז זיין אַנטשפּרעכער — לאַנגער אופֿענער o (אין די גוטישע קוועלען, אייגענטליך, טראַנסקריבירט מיט au): trôan (אַה״ד trûên, נה״ד trauen), bôan (אַה״ד bûan, נה״ד bauen) [ד״ר הערמאַן יאַנצען: „גוטישע שפּראַכדענקמעלער״ (לייפּציק 1905) 16]. —

[3]) דפּד״וו 82. —

[4]) ווי: (û) — ou — au — (aau) — oo. —

[5]) ד. ה. ווי דער ou אין au. — [6]) איבען 215, 333. —

[7]) אָנמערקונג XII אין טעקסט. —

1) קורצען o [1];
2) oj [2] אודער ej [3].

די גרענעין צווישען דעם קורצען o אין דעם oj (אודער ej) איז אין די יידישע מ"מ אים אַלגעמיינעם דיאַיגעגע, ווי צווישען קורצען e אין ej [4] (ביידע לויטען גענעטיש פאַרוואַנדט) אין דער קרעמעניצער מ׳, אודער צווישען אוניווערסאַליש-יידישען קורצען a [5] און (מיט אים גענעטיש פאַרוואַנדטען) u [6] (קורצען, לאַנגען, איבערלאַנגען) אין די דרומרוסלענדישע [7] און פּוילישע [8] מ"מ, אין דער ווישקעווער [9], און אין די גאַליציישע [10], ביימישע [10], סלוואַקישע [10].

גענויער — אַף אַנ׳אַנדער אורט [11].

---

[1] אַלע אָהן אונטערשיד. ס׳איז, אַלזו, אוניווערסאַלישע דערשיינונג אין אונזער לשון. —

[2] די פּוילישע (זעי אויבען ז"ז 214, 215), אייניקע דרומרוסלענדישע (זעי אויבען ז"ז 216, 217, 235, 342), די גאַליציישע און בוקאווינער (אויבען ז"ז 230, 231), די ביימישע, מייריש, אונגאַרישע און סלוואַקישע (אויבען ז"ז 232, 233) מ"מ. —

[3] די ליטווישע (זעי אויבען ז"ז 219 — 222, 237פּ., 347פּפּ.) און אייניקע דרומרוסלענדישע (אויבען ז"ז 217, 342פּ.) מ"מ. —

[4] אין די פּויליש-יידישע מ"מ אַנטשפּרעכען דעם לויט: ej, aj (זעי אויבען ז"ז 245—255); אין אַנדערע דרומרוסלענדישע: î (אודער i), ej (זעי אויבען ז"ז 258 — 265). —

[5] עווענטועל אויך o (זעי אויבען ז"ז 293, 295 — 299). —

[6] אין די ליטווישע און מיירישע מ"מ: o (זעי אויבען ז"ז 278—284). — [7] אויבען ז"ז 284 — 286, 293 — 299. — [8] אויבען ז"ז 288—292. — [9] אויבען ז"ז 292 — 293. — [10] אויבען ז"ז 286 — 288. —

[11] דער העברעישער און סלאַווישער o (פּונקט ווי דער העברעישער e — זעי אויבען ז"ז 266 — 267) גייען אין דער יידישער שפּראַך אין אַלעם נאָך דעם גורל פון מה"ד קורצען o. וואָס שייך דעם o, זענען די העברעישע און סלאַווישע עלעמענטען (די העברעישע אויך וואָס אָנבעלאַנגט דעם e) אין אונזער לשון, אַלזו, פולשטענדיק פאַריידישט (מער, הייסט עס, ווי בנוגע צום a — זעי אויבען, ז׳ 282, אָנמערקונגען VII און VIII אין טעקסט).— גענויער וועגען דעם אַף אַנ׳אַנדער אורט. —

אָנמערקונג. — דיאיינגענע גרענעץ וועלען מיר זעיען[1] אין די יידישע מ״מ צווישען קורצען i און דעם מיט אים גענעטיש פאַרוואַנדטען î. דידוזיקע גרענעץ (זי איז כאַראַקטעריזירט אויבען אַף ז׳ 277) איז, אַלזו, איינס פון די גרונטגעזעצען אין דער אַנטוויקלונגסגעשיכטע פון דער יידישער שפּראַך. —

---

[צו ז״ז 232—234]. — â אַקעגען מה״ד ou איז אַנ׳אַלטע דערשיינונג אין דער לעבעדיקער יידישער שפּראַך.

וו. י. כריזאַנדער אין זיין „יידיש-טוטשער גראַמאַטיק״ (לייפּציק און וואָלפענביטעל 1750), נישט וויסענדיק, ווי צו דערקלערען די איי-גענטימליכקייטען פון דער יידישער פאָנעטיק, באַטראַכט זיי אַלס פורע „פאַרדרייונג פון די ווערטער״. ער מאַכט די יידען די פאָלגענדיקע פאָרוורפען, וועלכע ער רופט-אָן „פאַרציונג אין דער אויסשפּראַך״[2]:

„Sie verkehren:

„**a** in **o**, z. E.: da hast du es, do[3]) host's; habe, hob; Wahrheit, Wohrheit[3]); lassen, lossen; blasen, blosen[3]) Israel, Isroel[3]); Acher, Ocher; Berachah, segen, Brogah[3]); Mescharet, Diener, Meschoret[3]).

„**a** in **e**, z. E.: fragen, frägen; bekannt, bekent; überantworten, überentworten; darbey, derbey; man, men; waschen, weschen; wahrhaftig, wohrheftik; Antwort, Entfort; olam oulem.

„**a** in **ei**, יעקב, Iakob, Ieikef[4]).

---

[1]) אין אַ באַזונדער עטיוד, וואָס וועט געדרוקט ווערען אַף אַנ׳אַנדער אורט. —

[2]) ציטירט נוך אַווע-לאַלעמאַנט III 309 — 310. —

[3]) זעי אויבען ז״ז 278 און 283 (דערשיינונג B). —

[4]) אַלזו, חטף-פּתח אויסגעשפּרוכען: אַי. — אין דער היינטיקער בריסקער מונדאַרט: טאַינעט, געטאַינעט, מאַיסע וכ׳ („טענ׳עט, גע׳טענ׳עט, מעשה״); סוקולווע (שעדל. ג.), לושין (שעדל. ג., קוסניט. א.), ווישניץ (בעלז. ג., וולודאַוו. א.): טאַינען, גיטאַינט; מורד (שעדל. ג. און א.): טאַיני, מאַיסי; מיזשיריטש (שעד. ג., ראַדז. א.): טאַינען; קולנע (לומז. ג., אוסטרול. א.): דאַיגי, מאַיסעלי; ליבאַוויטש (מול. ג., אורש. א.): מאַיכל, מאַיסי. —

„**au** in **aa**, glaub, g l a a b mir.

„**ä** in **i**, Maynz, M i h n z; Mehl, M i h l [1]).

„**e** in **ei**, גֶּבֶר, Gever, G e i v e r [2]), Mitgesell; מועט, **m e i a t** טרץ, s c h i r e z, eher, e i e r; geschehen, g e s c h e i h e n [2]); **legen, l e i g e n** [2]); lernen, l e i n e n; sehen, s e i e n [2]); steht, s t e i h t [2]).

„**ei** in **a** [3]), eins, a h n s; einer, a h n e r; i c h h o b a h n e, ich habe eine; seines, s a h n e s; du Fleischkopf, F l a a s c h k o p f; **Schweif**, S c h w a a f; weistu, w a a s t u; Weizen, W a a z e n.

„**ei** in **ä**, kein, k ä h n.

„**eu** in **a**, verleugnen, v e r l â g n e n [3]).

„**i** in **e**, bringen, b r e n g e n.

„**i** in **ei**, יצחק, Isaak, E i s s i k.

„**o** in **e**, sollen, s e l l e n; wollen, w e l l e n; solches, s e l c h e s.

„**o** in **u**, bekommen, b e k u m m e n; wo, w u.

„**ö** in **ei**, nötig, n e i t i k [2]); bös, b e i s [2]).

„**ü** in **e** [4]), stürmen, s t e r m e n; würdig, w e r d i g; fürchten, f e r c h t e n.

„**ü** in **ei**, Lüge, L e i g e“.

מיר זעען דאָ, אַלזאָ, דעם â אויך [„g l a a b“ (מה״ד הוט דער **ווערב**: ou [5]); נה״ד: au)]. —

ער קומט־פֿור [6]) אין די מעמוארען [7]) פֿון גליקעל האַמעל [8]).

---

[1]) זעי אויבען ז' 258פֿ. (II דרומרובל. גרופּע). —

[2]) זעי אויבען דעם „צווייטען גוטיץ“. —

[3]) ענליך אין דער עלטערער בענדינער (פּעטריק. ג.) מונדאַרט: **אַאנס, צוואַן, באַאן, פֿלאַאש, שטאַאן** א. אַז. וו. (= „איינס, צוויי, ביין, פֿלייש, שטיין“). —

[4]) זעי מיינע „יידישע דיאַלעקטאָלאָגישע פֿאָרשונגען“ (וואַרשע 1917) I § 14, פּ. 3. —

[5]) לעק' 66: gelouben, glouben (ווערב). —

[6]) הגם עס קאָנקורירען מיט אים וי און ו. —

[7]) נעמען־אַרום די צייט פֿון ת״ז (1647) ביז תע״ט (1719). —

[8]) געבוירען אין האַמבורג 1645; צום צווייטען מאָל חתונה

---

[1]) אויך אין וואַרשע, מאָקוֹוו, חיערושוֹוו, זשוּרוֹמין; קול'נע; מעזריטש.— שטערן, ווערטערבוך: „רעדען" (75), „ביי-" (56, 75), „צו-" (75), „איבער-" (56), „צורעדער" (75). —

[2]) אויך אין גייבּרודנע (בא וואַרשע), מאַקעווע, שעדלעץ, שטוטשין.—וואָרקע: „רעידענוס" (פּל.); מעזריטש: „רעידענער" (= „רעדנער"). —

[3]) „סערקעלע" 24; זבאַ"מ, „דיא צוואה" (ווילנ. 1873) 19; „דער צווייטער אייזין באַנד" (וו. 1878) 57; „פּראַקטישע הויז ווירטשאַפט" (ווילנ. 1879) 39; ש. בערענשטיין, „מאַנאַזין"... 60; „ר' שמחה פלאַכטע" 40.—

[4]) אויך אין ריזשאַן. —

[5]) אויך אין שעדלעץ; „מאַגאַזין פון ייד. לידער" 29.—

[6]) „שטערינטיכל" 3: „אשטאָט הייסט, ווי סיז דאָ אַ פּאָר הינדערט גיבויעטע שטיבין (אַ הויז הייסט אַ-שטיב)"..; „דיא געגאַרטע וועלט" 9: „אין דער מיטען געסיל נאָהינט פּינים בית מדרש איז אַ גרוישע נייע שטיב.— אין שפּיצינוק הייסט אַ הויז אַ שטיב".

אין ווישניץ, וולודאַווע איז אין-שטיבם אַדווערב (= „אינדרהיים"); צ. ב.: אין וולודאַווע: „ד' איז געווען בא מיא אין שטיבם" (=„בא מיר אין שטוב, בא מיר אין דירה, בא מיר אינדערהיים"), „קימט עיא אַראַין צים רעיענט אין שטיבם" (=„אין רעיענטס שטוב, אין רעיענטס וואוינונג"); „אינק וואוּ-מאַ אין עיגיני שטיבם" (= „אין אַ אייגען הויז"). —

[1]) אויך אין פּיליוו, ווענגע-רווע, מעזריטש (u קורץ) — פּל. (אין ווישעגרוד): „שטרומער"; דעמינ. (דורטען): „שטרומכיע".—

[2]) אין סומפּולנע: „שילטן" (מיט קורצען i); „זידלען" אומבאַ-קאַנט. — ג. ח. לעווגער, „דיא בעטלער מיידיל" (ווילנ. 1897) 11: „שילט מיט קללות". —

# די מונדארטען[1]

**וואס הערען, אין דער אודער יענער מאס, באהאנדעלט אודער בלויז באריִרט אין דעם בוך.**

## מזרח־יידישע.

### I) ליטווישע.

**ג ר ו ד נ ע ר גוב.:** ***אבראמאווו 418, **424.** —*אמדור 421. — אורלע 396.— גרודנע 407. —**סוקולקע 406.—סוויסלוטש 392.—סלונים 396, 406.— **סעמיאטיטש **394.** — סקידעל 228, 244, 281, 303, 325, 347, 349, 392, 405פ., 423פ. — פורוזווע 418.—ציעכאנוויץ 392, 415. — קוברין 396.

**ו י ט ע ב ס ק ע ר ג:** דווינסק 238פ. — וויטעבסק 244, **282,** 303, **349פ.,** 392, 405פ., 408פפ., 423. — פולוצק 238 פפ., 244, **302פ.,** 282, 349.

**ו י ל נ ע ר ג.:** ווילנע 407, 421.

**ט ש ע ר נ י ג ו ו ע ר ג.:** גלוכוו 396. — נאווגראד-סעווערסק 399.

**ל ו מ ז ע ר ג.:** **דלוגאסיודלו 424.— *וויסאקאמאזאוועצק 392, 396, 399. — עמבראוו 394, 396, 399. — יענדזשעיעוו 421. — לאפּיס (לאפּי) 392, 396, 399. — ומזי 266, 268פ, 281פ., 303, 349, 405פ., 408פ., 417, 423פ. — מישניץ 304, 316, 333, 350, 392, 396, 405פ., 408, 412. — **סוקולי 396, 417, 425. — סטאוויסק 226, 234פפ., 240, 244, 302פ., 349, 392, 396, 423פ. — קולנע 322פ., 325, 350פ., 367, 392, 392, 396, 399, 404 ביז 409, 412, 417, 420פ., **424פפ.**— שטוטשין 392, 426.

**מ ו ל י ו ו ע ר ג.:** אמטשיסלעוו 220, 228, 303, 349.—הומלי 219, 224, 226, 228פ., 240פ., 302פ., 349.—*הורודעץ 425.— טיטעריין 226.—טשעריקוו 268, 281פ., 303,

---

[1]) די שטעדטנעמען אין יידישען טראגען דעם הויפטטון (דעם טרופ, דעם קוועטש) אף דער ערשטער זילב.

אלע נעמען, וואס גייען אויס אף ־ין, זענען באטונט אף דערדוזיקער ענדזילב (וואס הוט לאנגען i).

אײן שטערענדעל באם ערשטען אות פון אנדערע שטעדטנעמען ווייזט, אז באטונט איז די ענדזילב; צוויי שטערענדלעך, אז די פורלעצטע זילב; דריי — אז די צווייטע זילב פון אנהייב. —

350, 385, 404פ., 410, 415, 423.—**כיסלאוויץ 220פ, 226, 228פ., 279, 281פ., 349, 392, 424. — ליאדי 221, 226פ 282. — **ליבאוויטש 367. — קורמי 392, 396, 404פפ. — **קראסנופוליע 392, 396.— *ראטשוויו (רוהאטשוו) 226, 282. — שקלוו 220, 224, 240, 302, 349. —

מ י נ ס ק ע ר ג: *באברויסק 412, 419.—בערעזינע 399.—***נאווארודאק 425.— סטולין 344. — סלוצק 226פ., 404. — **פולונקע 281פ., 303, 348פ, 392, 396, 404פפ., 408פ. — פינסק 219, 224, 229, 240, 244, 268, 302פ., 344, 349, 392, 405פפ., 409, 417פ., 422. — ראקוו 282.

ס י וו א ל ק ע ר ג.: **וואלקאווישקי 266, 268, 281, 303, 350פ., 405פ., 408, 410 — יאגיסטוו 333.

פ ו ל ט א וו ע ר ג: **פרילוקי 393, 396, 404פ., 412.

ק ו וו נ ע ר ג.: **סלאבאדקע 226.—*פלונגיאן 226. — *קאידאן 221, 224, 226, 228, 240, 302, 349, 351, 404פ., 413. — קאוונע 226, 393.

ק ו ר ל א נ ד: 282. —

## 2) מערבדרומרוסלענדישע.[1]

ב ע ס א ר א ב י ע: *בענדער 399. — נאוואסעליצע[2] 399, 405, 418. — **סאראקי 297. — **פאלעשטי 298. — קעשעניוו 298, 399, 405.

ג ר ו ד נ ע ר ג.: בריסק 367, 395, 398פ., 404פ., 424. — ***דאמאטשעווע[3] 399. — *וויסאקאליטאווסק[3] 396, 399, 405פ.

וו ו ל י ן: אנאפאל' 399, 408, 412. — *אוליִסק 261. — אוסטרע 217פ, 224פ., 229, 240, 263פפ, 303, 343פ., 398, 405, 421, 423פ. — אישומער 267, 271, 284, 294, 303, 305, 341 ביז 344, 404פ., 408פ., 420.—**בעלאזערקע 405פפ., 416, 419, 422, 424. — *בערעזדיוו 303, 403, 405. — דובנע 418.— זוויל 407.— טורטשין 303 ביז 306, 344, 395, 397, 404פפ., 408פ. — טשודניוו 297. — טשערניכוו 218, 251. — לוצק 303פ, 344, 395, 397, 404פפ., 408פ., 423. — ליובאר 251. — כוויטוך 407. — **סלאוויטע 399, 404, 407, 413פ.— פיאטקע 385, 399, 404פ, 417. — קורעץ 265. — **ראכנוסיל'י 297. — קרעמעניץ 216פפ.,

---

1) ווערען באמר באצייכענט אויך אלס „ד ר ו מ ר ו ס ל ע נ ד י ש ע“.—

2) הויפטטון אף דריטער זילב. —

3) די אנגעהעריקייט פון דערדוזיקער שטאט צום מערבדרומרוסלענדישיִדישען שפראכגעביט דארף נאך נאכגעכאפט ווערען. —

## איבערגאַנגסמונדאַרט.

ווישקעווע 271פפ., 292פ., 307פ., 366, 391, 404 ביז 407, 417, 423פ. —

# מיטעלייִדישע.

גאַליציש: 228, 230פ., 240, 286, 301, 315, 353, 366, 368, 401, דוברומיל 404. — טאַרנע 402, 411. — טאַרקע 401, 423. — טרעמבאָוווליע 406פ, 418. — סטאַניסלאָו 231, 315. — רוזדול 401. — רופּטשין 401.

וואַרשעווער גג: אַמשינאָוו 408. — *אָטוואָצק 400. — אָסמולין 291, 303, 396. — אילעווע 249, 291, 308, 404פפ. — בולימאָוו 324. — ד. בזשעזיר 405. — בלוינע 308, 329. — בליזנו 400, 417. — בלענדאָוו 308, 405, 408. — בריסק (קויאַווער) 400, 406. — גומבין 215, 292, 308, 333, 401, 404, 418. — גוסטינין 308. — גער 214, 308, 310, 406פפ., 418. — גרודזיסק 214, 308, 401, 406פפ., 416. — גראָכאָוו 404. — גריצע 308, 310, 329. — **דערוואַליעוו 400, 403. — וואַרשע 213פפ, 225פ., 234פ., 245פ., 248, 255, 267, 288 ביז 292, 308 ביז 311, 313, 326, 339, 384, 396, 400 ביז 403, 407, 411, 413פ, 416, 421, 424. — וואַווער 400. — וואָרקע 308, 402, 404. — וואָלומין 406. — ד. **ווינצענטאָוו 404. — וויסקיט 308. — **וואָלוצלאַוועק 400. — זאַקראָטשין 308, 310. — זשיכלין 308, 333, 404פ. — זשעראַרדאָוו 308. — טאַרטשין 412. — טשיסטע, טשערווינסק, טשערסק, יאַבלאָנע, יאַדעווע 308. — **יוליובאָל' 339, 385. — **יעזיאָרנע 214פ., 308, 401, 408, 4. — כורעטש 400. — ליאַכאָוויטש 308. — לאָוויטש 245פ., 308. — לאָזין, מאַרקיס 400. — מאָגעל'ניצע 214, 308, 400, 401פ., 408. — מאָקאָטאָוו 403. — נאַדאַושין 324, 406. — *נאַשעל'סק 324. — נאָווידוואָר 298פ., 400פ, 408. — **ניעפּאָרענט 400, 404. — **ניעשאַווע, סאַניק, **סאָבאָטע 400. — סאָוויאַ=וואָליא 308, 405. — סאָכאַטשעוו 215, 308, 310, 339, 412פ. — סטאַרע-וועס' 337. — סלוזשעוו 400. — סקערניעוויץ 214, 308, 401, 408. — סראָצק 308. — **פּאָסוועגטע 418.— *פּולטוסק 292, 308, 412, 416. — **פּאָסטעל'ניק 400. — פּילישקאָוו 408.—**פּיאַסעטשנע 214פ., 308, 416. — פּלינסק 400פ. — פּניעוואָ 400.— **פּעלצוויזנע 407. — פּרושקאָוו 214, 253, 308, 412. — פּאַל'עניץ, **ציעכאָציַנעק 400. — קאַלישין 267, 400, 418. — קאַמענטשיק 308. — קאַפּינאָס 404. — קאַרטשעוו, קולבעץ 404. — קיטנע 400פ., 403, 408, 417. — קליין=מינסק 303, 404, 408, 424. — קערנאָזיע 215, 308, 325 404. קראָשניעוויץ 400. —

ראָדעמער ג.: אַפּט, אָסטראָווצי, **אָפּאָטשנע, **איוואַניסק, ביאַלאָבזשעג, גניווישוו 308. — דרילטש 324פ., 339, 412. — וויזשמעזשיץ 324. — וויערזשבניק 400. — זאַוויכאָסט 308. — זעוולין (זוולין) 215, 308. — זשאַרנוו 400. — טאַרלע, *יעגלינסק (יעדלינסק) 324. — מאַגנישעוו 214, 308. — מאַליץ 308, 402. — פּוליעץ 324. — סטאַשעוו 308, 400, 409. — סטרומניץ 324, 418. — **סקאַרזשיסקע 400, 402. — סקאַרישעוו 324. — פּשיטיק 308, 401, 405. — פּשיסכע 400. — פּשעד־בוזש 308, 316. — צוויזמער 308. — קאַזאַנוו 324. — קוזשעניץ 308, 400, 409. — קאָפּשעווניצע 214, 308. — קוויוו 324. — קינ׳צק 308. — קלימיטיוו 400. — ראַדושיץ 324. — ראָדעם 225, 290, 292, 308, 405. — ריטשיוואָל 308, 406פ. — שידלאָוויץ 308.

שעדלעצער ג.: אָכטראָוו 404, 407, 424. — ביטקיס 400. — **גאַר־וואָלין 214פ., 325. — וואָהין 400. — זשעלעכוּוו 407, 418. — טראַאַניוו 325. — לאָס־קאַרעוו 309. — ליקעווע 325 — מאַטשעיוויץ 400, 407, 418. — סאָבין 400, 404, 407, 418. — סטאָצק 309. — פּאַרצעוועוו (וולאָדאַוו. ק.) 309. — פּאַריסאָוו 309פ. — ראַדזין 214, 309, 412. — ריקי 214פ., 309, 405, 409. —

# מערב־יידיש.

אונגאַרישע 229, 232פ., 240, 305, 366, 400. — אויבעראונגאַרן 305, 386, 417. — פּרעסבורגער קאָמיטאַט 233, 305. — ברעצוואַ 233.

בײמישע 229, 232, 240, 287, 300, 305, 366, 386, 390.

דײטשלענדישע (אַמאָליק דײטשיש רײך, באַיערן, העסען, פראַנקען, שוואָבען, ווין פערט, פראַנקפורט־אַ׳ן מײן) 316, 353פ., 386, 390, 406.

מײרישע 229פ., 232, 240, 282פפ., 300, 305, 366, 386, 389פ. — דרום־מײרען 230.

סלאָוואָנישע און קראָאַטישע 396.

סלאָוואַקישע 232פ., 240, 287פ., 300, 306, 366, 390. — ברעצוואַ 233. —

---

אף ז׳ 394 (שורה 5 פון אויבן) אויסמעקן: „זעמבראָוו״. —[1]

---

[1]) אף ז׳ 426 נוך: וואַרשע, וואָרקע, ווישניץ, וולאָדאַווע, מעזריטש, נײבראָדנע, ריזשאַן, שעדלעץ. —

# נאָכוואָרט[1]

... שוין דער טיטעל „דיאלעקטולוגישע פאראלעלען און באמערקונגען" טייטש אן: ס'הוט געזולט זיין איין אפטיילונג צווישען די איבעריקע אין צווייטען באנד „זאמעלביכער פאר יידישען פולקלור, פילולוגיע און קולטורגעשיכטע". אין פורווורט צו דער ערשטער-העלפט איז אנגעוויזען די סבה, וואס הוט גורם געווען, דער שפראכוויסענשאפטלי-כער טייל זול זיך צוּוואקסען... נאטירליך, דאס בוך, וואס איז ארויסגע-קומען און גייט יעצט ארויס פון דריק, קען נישט צופרידענשטעלען די ארכיטעקטונישע פודערונגען, וואס מ'שטעלט צו אן'אפגעשלוסען וויסענשאפטליך ווערק.

...*אפריל 1915 זענען פארטיק געווען די ז"ז 213—325. דעמאלט בין איך אי-בערגעגאנגען צו דער ארבעט איבער מיין ווערק וועגען יידישען קונסונאנטיזם.. ווען כ'הוב צוריק אנגעהויבען טראכטען וועגען דרוקען די צווייטע העלפט „זאמ." II, אלס זעלבסטשטענדיק בוך, הוט זיך ארויסגעוויזען די נויטווענדיקייט צוצוזעצען נוך עטליכע בויגען. מאי 1916 הוט אן'אנדער דרוקעריי מיר געליווערט די ז"ז 326—343. די וואלקאמפאניע צום ווארשעווער שטאטראט הוט מיך ווידער אפגעריסען פון דעם ווערק. יאנואר 1917 הוב איך מיך אומגעקערט צו אים, און אין פורווורט צו מיין „יידישען קונ-סונאנטיזם" הוב איך אנגעקינדיקט, אז די צווייטע העלפט פון צווייטען באנד „זאמעל-ביכער" „דארף אינגיכען ארויס פון דרוק". אובער ערשט אין פינף-פערטעל יאר ארום, זומער 1918, הוב איך געפונען א דרוקעריי, וואס הוט צוגעזאגט אין א חודש-צוויי צו מאכען די לעצטע דריי-פיר בויגען. ס'הוט געדויערט אביסעל לענגער: די ז"ז 344—403 זענען געזעצט געווורען קנאפע 2 יאר. די „מיסצעלען", די רעגיסטערס, דאס אינהאלט-צעטעל און דאס נאכוורט הוב איך געמוזט איבערגעבען אין א פערדע דרוקעריי,

---

[1]) קיין פורווורט קען עס נישט זיין טעכניש: איבער דער פאגינאציע. דער לעזער, וואס הוט שוין די ערשטע העלפט פון צווייטען באנד „זאמעל-ביכער פאר יידישען פולקלור, פילולוגיע און קולטורגעשיכטע", קען האבען דעם פול-שטענדיק בארעכטיקטען פארלאנג איינצובינדען ביידע טיילען אינאיינעם, אזוי אז ז' 213 זול זיך טרעפען מיט ז' 212, אהן גרעסערע צווישענשיידען.—

אויב כ'הוב איבערהויפּט געוואלט זען דאָס בוך געדרוקט פריער ווי אין א יאָר, צוויי אָרום... פון אזא גלות מוז ליידען די אויסערליכע זייט פון א ווערק; אויך די אינערליכע קען נישט ארויסגיין אָהן א פּגם...

...איך באשעפטיק מיך אין דעם בוך דערעיקרשט מיט'ן יידישען וואָקאליזם. אובער ס'איז נישט קיין סיסטעמאטישער קורס. ס'איז א זאמלונג פון מאטעריאל מיט די נויטווענדיקע טיילווייזע פאַראלגעמיינערונגען, א פאָראַרבעט, און, אלס אזעלכע, פריי אין דער פורם און רייך אין פרטים. כ'הוב אויסגעקליבען דאָס באקוועמע סיסטעם פון איינצעלנע נוטיצען, וואָס זענען געבונדען אין גרעסערע גרופּעס. כ'הוב דערביי געהאט אין אויג אויך א פּעדאגאגישען צוועק: ביסלעכווייז אריינפירען דעם נישטצוגעגרייטען לעזער אין די נייע וועלט פון דער יידישער שפּראַכפאָרשונג

אין ערשטען פון די 4 נוטיצען, וואָס פילען אויס דאָס בוך, פיר איך צו דעם לעזער צו דער פראגע וועגען דער באציונג צווישען אורטאָגראַפיע און לעבעדיקער אויסשפּראך, צווישען שריפטשפּראַך און מונדאַרט. — די ליטעראַרישע שפּראַך, דאַרף מען וויסען, עקזיסטירט אייגענטליך נישט אף דער וועלט. זי איז אַנ'אבסטראקציע. נור א טייל שריפטשטעלער אין פּאָליטיקער אודער אויסלענדער רעדען אזוי ווי מ'שרייבט ביכער. איטלעכער יחיד רעדט געוויינטלעך די מונדאַרט פון זיין געבוירענשטאָט. אירע קלאַנגען זענען מער אודער ווייניקער אנדערע, ווי די, וועלכע די גראַפישע צייכענס פון דער שריפטשפּראַך געבען איבער.—כדי צו אילוסטרירען דעם פאַקט, נעם איך דעם טופּעלטען זעלבסטהילכער ױ פון דער יידישער ליטעראַרישער אויסלייגונג און באווייז, אז דאָס איז מער נישט ווי אַנ'אלגעמיינער סימבול, וואָס דעקט מיט זיך די פאַרשידענסטע קלאַנגען פון די לעבעדיקע יידישע מונדאַרטען—די אלע קלאַנגען, וואָס זענען טיילווייז קלאַסיפיצירט אין די טאַבעלעס I און II (ז"ז 240פ.). די קלאַנגען זענען פאַרשידען לויט די מונדאַרטען נאָך (טאַבעלע I); זיי זענען אויך פאַרשידען אין די גרענעצען פון איטלעכער מונדאַרט לויט'ן גענעזיס, ד. ה. לויט דער אָפּשטאַמונג (ביידע טאַבעלעס).

אין צווייטען נוטיץ אילוסטריר איך דעם זעלביקען געדאַנק מיט דעם ליטעראַרישען ע (וואָס ווערט אופט געשריבען מיט א סגול, וועלכער איז לגמרי איבעריק; מיט א ה נאָך אים, אף צו באַצייכענען די לענג, אודער גלאַט אזוי, פאַרקוקט זיך אף די דייטשישע אורטאָגראַפיע; אודער

מיט אַ צ י ר ה, איבעצוגעבען דעם לאַנגען e, וואָס ווערט אַרויסגערעט (ej).

דער ד ר י ט ע ר נוסח טראָגט שוין אַ ריין געגעטישען כאַראַקטער, קלאָרמאַכענדיק די פאַרשידענע אַנטשפּרעכערס, וואָס דער מה"ד קורצער a פון הויפּטטוניקער זילב הוט אין די יידישע מ"ם.

אויך דער פ ע ר ד ע ר נוסח טראָגט אַזאַ געגעטישען כאַראַקטער.

ווען די 4 נוסחאות זענען שוין געווען לאַנג אָפּגעזעצט, און ס'איז בײַ מיר געבליבען דעם טייל צו דרוקען אַלס באַזונדער בוך, הוב איך, פון פֿילקייטס וועגען, צוגעגעבען די „קלײנע הוספות און אויסבעסע-רונגען" (ז"ז 326—403), וואָס הובען זיך בײַ מיר אָנגעזאַמעלט אין משך פון די עטליכע יאָר, וואָס דאָס ווערק הוט אָפּגעריכט גלות אין די וואַרשעווער יידישע דרוקערײַען.—דאָס גרעסטע אָרט פאַרנעמען די מילואים צום ערשטען נוסח (ז"ז 326—390) ס'איז מיר שווער געווען אָפּצוהאַל-טען זיך פון געבען די אָפּהאַנדלונגען, וואָס פאַרנעמען ז"ז 353—362, 367—390, און עפענען אַן אויסבליק אין די היסטאָרישע פּערספּעקטיוו בנוגע צו די יידישע אַנטשפּרעכערס פון מה"ד â און ou.—נישט וועלענ-דיק אָבער, אַז דאָס בוך זאָל זיך צו פיל צעוואַקסען, בין איך זומער 1918 געקומען צום באַשלוס, דעם צוגאָבמאַטעריאַל, וואָס הוט זיך בײַ מיר אָנ-געקליבען צו די איבעריקע 3 נוסחאות, אויסשטעלען אין אַ באַזונדער בוך. און ווירקליך, היב איך אין משך פון יאָר 1919 געלוזט אָפּזעצען דעם ערשטען באַנד „צום יידישען ווקאַליזם", און וועלכען די ערשטע 6 עמודים הובען אַ'ענג שייכות צום צווייטען נוסח אויס די „דיאַלעק-טאָלאָגישע פּאַראַלעלען און באַמערקונגען"; די עמודים VII—X, ווידער, צום דריטען.—ווי איך ווייז אָן אין פאָרוואָרט פון „צום יידישען ווקאַליזם", זענען די צווייטע ווערק זיך קיינעמזייטיק ממלא און דאַרפען געלייענט ווערען צוזאַמען,—דאָ, אין דעם בוך, צו וועלכען עס געהערען די יעצטיקע שורות, הוב איך אף די ז"ז 390—403 געגעבען נור די גאָר נויטווענדיקסטע הוספות צו די לעצטע 3 נוסחאות.

איטליכער נוסח צופאַלט זיך אף באַזונדערע קאַפּיטלען. איטליכע קאַפּיטעל איז אָפּגעגעבען דער באַשרײַבונג פון באַזונדערע מונדאַרטענגרופּעס. אף'ן גרונד פון די אויס-פירליכע באַשרײַבונגען איז שוין נישט שווער צונויפצושטעלען אַ סינטעטיש בילד.

איך הוב זיך נישט באַגנוגט מיט'ן בלויזען זאַמלען מאַטעריאַל און אים באַשרײַבען. איך הוב מיך באַמיט, ווי ווײַט מעגליך, פעסטצושטעלען די ג ע ז ע צ ע ן פון דער לויטאַנטוויקלונג אין דער יידישער שפּראַך. דאָס

איז דער גרונטחילוק צווישען מיין ארבעט און גערצונס[1]. איך ווייז נישט אָן, ווי ער, אז דער און דער מה״ד־דייטשישער וואָקאַל האָט אין דער און דער יידישער מינדאַרט אין אַמאָל וועדטער אזא אַנטשפּרעכער, און אין אַנדערע — אַנ׳אַנדערען. איך פאָרמולייר אַ כלל. איין גענויער אויפּבליק געפינט זיך בא מיר אף ז׳ 270 און איז איבערגעחזרט אויך אף אַנדערע שטעלען. אין קורצען לויט עס זיך אזוי רעדאַגירען: אַקיינען מה״ד הויפּטטיניקען קורצען a, o, e (און ö), i (און ü) האָבען די יידישע מ״ם: אין אַלטגעשטל, זיל באיין וואָקאַל (דערביי אַ קורצען); אין אַלטאויפענער — אַנ׳אַנדערען (קוואַליטאַטיוו, קוואַנטיטאַטיוו א. ד. ג.). — אַנדערע כללים זענען בא מיר אויפגעשטעלט פאַר די יידישע דויטגעזעצליכע אַנטשפּרעכערס פון מה״ד î, iu, îe. — אויך די עקזיסטירענדיקע אויסנאַמען זענען איינגערעמט אין אויסדריקליכע כללים.

אגב קומט מיר, נאַטירליך, אויס צו באַרירען פאַרשידענע אַנדערע דערשיינונגען פון דער יידישער גראַמאַטיק. זיי זענען אַלע פאַרצייכענט אין רעגיסטער. אַמאויספירליכסטען האָב איך מיך אָפּגעשטעלט אפ׳ן יידישען דעמינוטיוו (ז״ז 316—323).

איטלעכע דערשיינונג אפ׳ן באַהאַנדעלטען געביט פון יידישען וואָקאַליזם אילוסטריר איך מיט אַ ביגטעל בייספילען[2], וועלכע איך חזר־איבער באַזונדער פאַר יעדער מונדאַרט אודער מונדאַרטענגרופּע אין דער אַנטשפּרעכענדיקער טראַנסקריפּציע. דרך־אגב שטויסען מיר זיך אָן אף אינטערעסאַנטע פאַקטען. פאַראַן וואָקאַבלען, וואָס זענען באַקאַנט אפ׳ן גאַנצען יידישען שפּראַכגעביט און האָבען איבעראַל דיאייגענע טייטש (למשל, „בויך״, „טויב״. „וועלט״, „נעמען״ וכ׳). אַנדערע, אַקיינגען־זשע, זענען אין ווערטערבוך פון געוויסע מ״מ נישט בנמצא (צ. ב. „בוידעם״, „נעסט״, „גיך״, „שנעל״, „געדויערן״, „וואַכען״ וכ׳), אודער האָבען דורט אַנ׳אַנדערע טייטש („הויז״ אין טייטש „פורהויז״, „שטוב״ אין טייטש „הויז״ וכ׳). אומגעמיינט האָט זיך אין דעם בוך אָנגעזאַמעלט אַ הויפען שטוף פאַר דער יידישער לעקסיקוגראַפיע.

...אזוי ווי דאָס ווערק, טאַקע אלס פאָראַרבעט, וועט פאַר אַנדערע מוזען דינען אלס מאַטעריאַלענקוועלע, האַלט איך פאַר נוצליך אַנ

[1]) פאַרגלייך מיין „ייד. קונסוגאַנטיזם״ I, ז׳ XVIII. —

[2]) צום ביישפּיל, די יידישע אַנטשפּרעכערס פון מה״ד û ווייז איך אין: „בויך, יויך, ברויכען, טויב, קלויבען, מויל, קנויל, פויל, מויז, סויז, הויז״ וכ׳. —

צווישען, אז שטוף בנוגע צו די יידישע מ"מ היב איך געשעפט באַלע-
בעדיקע מענטשען. איך הוב מיך באמת איטלעכיז מינדאַרט צו פאָר-
שען אויסן מויל פון פערזונען, וועלכע* זענען אין איר געבוירען געוואָרען
און באַהערשען זי אמבעסטען און אמריכטיקסטען אלזו, קודם כל אין יענע
שטעט און שטעטלעך, אין וועלכע מיר איז אויסגעקומען אליין צו זיין,
ירערביי פון דורטגעבירטיקע, דערעיקרשט אזעלכע, וואָס געהערען צו דער
פאָלקסמאַסע און קענען לגמרי נישט אודער בלויז אַ'ן שפּיץ-מעסער
פרעמדע לשונות. אמליבסטען זענען מיר צו דעם צוועק געווען אוביעקטען,
וואָס לייענען אפילו קיין צייטונגען נישט, זענען, הייסט עס, נישט באַאיינפלוסט
פון דעם ליטעראַרישען יידיש. ווען כ'הוב אין וואַרשע געפומפט שטוף
פון פּראָווינצער יידען און יידענעס, איז אין 99 פּראָצענט פאַלען פון
אזעלכע, וואָס זענען ערשט נור וואָס געקומען אין די רעזידענצשטאָט אף
אַ קורצע צייט, אמאָל נור אף אַ טאָג, צוויי. כ'הוב מיך פייער פעסט פאַר-
זיכערט, ווי זיי זענען געבוירען געוואָרען, נישט געשעמט זיך, אין צווייפעל-
האַפטיקע פאַלען, זיך הייסען ווייזען דעם פּאַס, און אויך קלאָרגעמאַכט, צי
איז מיין מיטשפּרעכער טאַקע דערצויגען געוואָרען און אויסגעוואַקסען אין
זיין געבוירענאָרט. איך הוב מיך געוויינטליך נישט באַגנוגענט מיט איין פּער-
זון פון אַ געוויסען כרך. כ'פלעג אָהן אויפהער קאָנטראָלירען מיינע באַאובאַכ-
טונגען אף אַ גרעסערער צאָל פּערזונען פון איין אָרט, זורגענדיק אויך, עס
זאָלען זיין מענטשען פון פאַרשידענע קלאַסען, פון פאַרשידענעם געשלעכט
און פון פאַרשידענעם אַלטער. בנוגע צום גרעסטען טייל פּוילישיידישע
שטעט, שטעטלעך און דערפער, וואָס ווערען דערמאָנט אין מיינע פילאָלאָגי-
שע אַרבעטען, איז דאָס מיר גרינג אָנגעקומען, מחמת דורך מיין אַרבעט-
צימער גייען דורך שלעכט באַרעכענט, נישט ווייניקער ווי צען-טויזענט מענ-
טשען אַ יאָר, פון זיי לכל הפחות צוויי-דריטעל פּראָווינצער. די פּוילישיידי-
שע מ"מ קלינגען טאָגטעגליך אין לעבעדיקע שמועסען אין די ד' אמות פון
מיין איינענער דירה, און זיי זענען שוין געוואָרען פאַר מיר עפּעס מער ווי
אַ בלויזער אוביעקט פון פאָרשונג. מיך ווערט אַ פּוילישער ייד אין דער
הינזיכט שוין נישט אָפּנאַרען. איך וועל לויט פאַרשידענע ניואַנסען פון זיין
אויסשפּראַך דערקענען אף זיכער, אויב נישט די שטאָט, איז ווייניקסטענס
די געגענד, פון וועלכער ער שטאַמט[1].

[1]) „פון וואַנען זענט איר אַ געבירטיקער?" — אף דעם פרעג הער איך אמאָל אַ

... איך הוב אויך צוגעצויגען מאטעריאל פון ביכער. אלזו, צום-אלעמערשטען פון פולקלוריסטישע פובליקאציעס, וואס זענען פארעפענטליכט געווארען אין דער מונדארטליכער טראנסקריפציע. אזויארום הוב איך צריינגעבראכט אין קרייז פון דער יידישער דיאלעקטולוגיע אויך די מ"מ פון גאליציע, בוקווינע, ווי אויך דאס מערביידישע (מיירען, ביימען, סלוואקאי, אונגארן א. א. וו.). צוציענדיק איציק פייטעל שטערנס ווערק, עפען איך א בליק אין די פונעטיק פון די דייטשלענדישע יידישע מ"מ מיט 100 יאר צוריק. די ציטאטען פון כריזאנדער, גליקל האמעל און אלטע ספרים צייכענען אן איינע פון די וויכטיקסטע און שווערסטע אויפגאבען אין דער יידישער שפראכפארשונג: ארויסגייענדיק פון דער לעבעדיקער יידישער שפראך און אירע פארשידענסטע מ"מ, פורשען די אלטע יידישע שריפטשפראך אויסגעפינען אין דעם געלערנטען, טראדיצ. סטיל, אין דער קינסטליכער ביכערשפראך, וועלכע קיינער הוט נישט גערעט, דאס מונדארטליכע, וואס הוט זיך אריינגעגאנוועט, דאס רוב אומבאוואוסטזיניק, אדאנק דעם פארזעען פון מחבר, זעצער אודער בעל-מגיה, און אפ'ן יסוד פון אזעלכע פערעלעך קלארמאכען דעם אנטוויקלונגסגאנג פון דער לעבעדיקער יידישער שפראך און אירע מ"מ, און אזויערנאך קומען צו דער היסטורישער גראמאטיק פון מאמעלשון.

אין צווייטען נוטיץ און אין די הוספות ברענג איך ביישפילען, וויאזוי פארשידענע מונדארטלעכע פונעטישע אייגענטימליכקייטען שפיגלען זיך אפ אין דער אורטו=

---

קאטעגורישען ענטפער: „פון...״—מיין אויער זאגט מיר, אובער, עפעס אנדערש. אין א ווילע ארום חזר איך איבער מיין שאלה. דער מיטשמועסער דערשפירט, אז מיר גייט אין גענויערע אינפורמאציעס, זאגט ער, דוך נוך אויסמיידעוודיק: „איך וווין שוין אזויפיל און אזויפיל יארען אין״...—„אובער געבוירען זענט איר אוודאי אין...?״ — „יוי״. — איך ווייס דוך, אז דאס איז נוך נישט די לעצטע תשובה. „אין דער שטאט גופא?״ פרעג איך. — „ניין, נור נישט ווייט פון איר״.—„ווי הייסט דאס דורף?״—אזעלכע דיאלוגען קומט מיר אופט אויס צו פירען מיט מיינע פראווינצער באזוכער, וואס שטויסען זיך נישט אן, וועגען וואס מיר גייט, און מיידען דעריבער אויס, אהן א בייזער כוונה, א גלייכען ענטפער, נישט איינמאל שטוינענדיק, פונוועסטוועגען שטעל איך מיך אזוי איינגעעקשנט אפ אף א פרט, וואס הוט, ווי זיי פילען, דעם מינדסטען אנהאנג נישט מיט'ן אינהאלט פון געשפרעך...—

גראַפֿיע פֿון פֿאָלקסביכלעך, וואָס זענען געדרוקט געוואָרן אין 19=טען יאָרהונדערט.

... באַם באַטראַכטען דעם גענעזיס פֿון די יידישע וואָקאַלען בין איך אַרויסגעגאַנגען, ווי געריצון, פֿון מה״ד. באַ דער פֿאָרשונג פֿון יידיש איז עס דאָס ריכטיקסטע סיסטעם. דאָס שליסט, נאַטירליך, נישט אויס, אַז באַ געוויסע פֿראַגען קען אויספֿאַלען צוצוציען אויך דאָס אה״ד, ווי איך וועל נאָך די געלעגענהייט האָבען צו דערקלערען אַף אַנ׳אַנדער אָרט.

מה״ד הוט געהאַט די פֿאָלגענדיקע וואָקאַלען: קורצע: a, ë, e, i, o, ö, u, ü; לאַנגע: â ae (אומלויט פֿון לאַנגען a), ê, î, ô, oe (אומלויט פֿון לאַנגען o), û, iu; דיפֿטאָנגען: ei, ou, öu, ao, üe, ie. — 1) דער גורל פֿון מה״ד קורצען a אין יידישען איז טעמע פֿון דריטען נומיק (איך קער-אום צו דעם וואָקאַל אין „צום יידישען וואָקאַליזם״ I ז״ו 50—58); 2) מה״ד ë, e, ö, ê, ae, oe ווערען באַהאַנדעלט אין צווייטען נומיק (אויך אין „צום יידישען וואָקאַליזם״ I ז״ו 1—40); 3) די יידישע אַנטשפּרעכערס פֿון מה״ד o, ô, ou, û פֿילען אויס דעם ערשטען נומיק; 4) פֿון î, iu (און ie) דעם פֿערדען. — וועגען מה״ד â און i קומען קורצע באַמערקונגען פֿאַרבייגייענדיק. — אויספֿירליכער גיב איך מיך אָפּ מיט׳ן מה״ד â אין „צום יידישען וואָקאַליזם״ I ז״ו 41—49. דורט ווערען אויך כאַראַקטעריזירט די יידישע אַנטשפּרעכערס פֿון מה״ד ei (ז״ו 70—126) און öu (ז״ו 127—132). — מה״ד i, u, ü, ie, ao, üe און זייערע יידישע אַנטשפּרעכערס וועלען פֿאַרנעמען דעם צווייטען באַנד „צום יידישען וואָקאַליזם״ (ווערט צוגעגרייט צום דרוקען). בלעדליי נייטיקע הוספֿות און אויספֿירליכערס וועגען מה״ד o, oe, ae זולען געגעבען ווערען אין דעם פּראָיעקטירטען דריטען באַנד. — די דריי בענדער „צום יידישען וואָקאַליזם״ מיט דעם יעצטיקען בוך דאַרפֿען געבען דעם פֿונדאַמענט פֿאַר אַ סינטעטישער סכעמע פֿון אונזערע זעלבסטהילכערס.

דאָס בילד פֿון דעם יידישען וואָקאַליזם וואָלט געווען נישט פֿאַרענדיקט, ווען אין די פֿאָרשינגען זול נישט אַריינגעצויגען ווערען דער העברעישער און סלאַווישער עלעמענט פֿון דער יידישער שפּראַך. דאָס העברעישע און סלאַווישע אין יידישען איז, אין פֿונעטישען זין, טיילווייז פֿולשטענדיק, טיילווייז בלויז אין געוויסע גרענעצען, טיילווייז ווידער נור ספּאָראַדיש אַסימילירט געוואָרן. דאָס מוז באַלויכטען ווערען. — די העברעישע e-לויטען אין יידישען, דער העברעישער פּתח, חטף=פּתח נאָכ׳ן פּתח, ווי אויך דער דיפֿטאָנג aj ווערען אין דעם בוך געהעריק באַהאַנדעלט; אויך דער סלאַווישער a אין יידישען. דעם העברעישען און סלאַווישען a אין

ייִדישען איז אויסער דעם אָפּגעגעבען אַ עמוד אין ערשטען באַנד „צום ייִדישען װאָקאַליזם“. — װעגען העברעיִשען און סלאַװישען O אין ייִדישען קומט אַ קורצע באַמערקונג (גענויער — אין דריטען באַנד „צום ייִדישען װאָקאַליזם“). — מיט די העברעיִשע און סלאַװישע i= און u=לויטען אין ייִדישען פֿאַרנעם איך מיך אין צװייטען באַנד „צום ייִדישען װאָקאַליזם“.

פֿאַרשידענע דערשיינונגען פֿון ייִדישען װאָקאַליזם האָבען אַנאַלאָגיען אין די דייטשישע מ"ט. דאָס אייגענטימליך-ייִדישע אין אַנטװיקלונגס-פּראָצעס, אין סיסטעם און אין כאַראַקטער פֿון ייִדישען װאָקאַליזם לאָזט זיך בכלל נישט אויסגעפֿינען אָהן װײַטגײַענדיקע פֿאַרגלייכענישען מיט'ן דייטשישען. אַף די ז"ז 213—325 פֿון דעם בוך ברענג איך אַפֿילו פּאַראַלעלען אויס די דייטשישע מ"ט, אָבער זייער קנאַפּ, איבער די איינגענע סבות, װעלכע איך האָב שוין דערמאָנט אין דער הקדמה צו מײַן „ייִדישען קאָנסאָנאַנטיזם“ I, ערשטע העלפֿט (װאַרשע 1917). — אין די הוספֿות האָב איך שוין געהאַט די מעגליכקייט דורכצופֿירען ברייטערע פֿאַרגלייכונגען. — אין ערשטען באַנד „צום ייִדישען װאָקאַליזם“ בין איך אין דער הינזיכט אין נאָך מער גינסטיקע פֿאַרהעלטענישען, אַדאַנק דעם פֿאַרגרעסערען זיך פֿון מײַן שפּראַכװיסענשאַפֿטליכער ביבליאָטעק.

... אין דער פֿונעטישער טערמינאָלאָגיע בין איך נאָכגעגאַנגען דער אַלגעמיינער שפּראַכװיסענשאַפֿט. װי אָפּגעלעבט עס איז נישט די איינטיילונג פֿון די שפּראַכלויטען (שפּראַכקלאַנגען) אַף „װאָקאַלען“ און „קאָנסאָנאַנטען“, זי װערט דאָך נישט פֿאַרװאָרפֿען, דערעיקרשט פֿון באַקװעמליכקייטס װעגען, װי אויך פֿון װעגען עטימאָלאָגישע מאָטיװען. — היות דאָס בוך איז אָפּגעגעבען דעם ייִדישען װאָקאַליזם, און איז דערצו באַשטימט פֿאַר ברייטערע לעזערקרייזען, װעט אפשר נישט איבעריק זײַן צו ברענגען אַף דעם אָרט קורצע דערקלערונגען פֿון יענע באַגריפֿען און טערמינען, װאָס זענען פֿאַרבונדען מיט דער דערמאַנטער טעמע.

װען די לונג האָט אַרײַנגעאָטעמט לופֿט, איז מען אימשטאַנד צו רעדען, דאָס רעדען, אָדער די אויסערליכע שפּראַך, איז נישט מער, װי באַאַרבעטונג פֿון דער אויס די לונגען אַרויסגעשטויסענער לופֿט דורך די שפּראַכװערקצייג. צו דערדוזיקער באַאַרבעטונג איז פֿעיִק אַ גאַנצע רייע אָרגאַנען, צומאַלעמערשטען דער „קנופּ“[1], דורך װעלכען עס גייט דורך די לופֿט, װען זי שטראָמט פֿון דער לונג. דער קנופּ קען דורךן אַ סיסטעם מוסקולען אינגאַנצען אָדער טיילװײַז פֿאַרשפּאַרט װערען. בײַ געװיינליכע

---

[1]) אַף דייטשיש: Kehlkopf. —

אָטעמען גײט דער לופטשטרום דורך אָהן מניעות; באם ארויסרעדען געװיסע לויטען (קלאנגען), אַקײגען, דערנענטערן זיך צװײ עלאַסטישע בענדער, װאָס זענען אָנגעצויגען אין קנופ פון פורענט אהינטען די שטימבענדער, און דער לופטשטרום, אָנשלאָגענדיק זיך אָן זײ, מאַכט זײ רעגעלמעסיק װיברירען (ציטערן, צאַפּלען, פלאַטערן); דאָס װיברירען װערט איבערגעגעבען די אַנדערע לופטשיכטען און װערט פון דעם הערער אויפגענומען אלס טון. דערדוזיקער טון װערט גערופען „ש ט י מ ט ו ן״, אודער, קורץ, ד י ש ט י ם. — װען דער לופט-שטרום הוט פאַרלוזען דעם קנופ און דאדורך דעם אײבערשטען טײל פון דער לופטרער, קומט ער אַרײן אין ק ע ל ר ו י ם, אין די ק ע ל. דאָ קען ער זיך שפאַלטען און אויסקלויבען א טופעלען װעג. בא רוקען אָטעמען מיט פארמאַכטען מויל, גײט די לופט אַרויס דורך די נאָז; דאָס איז מעגליך דערפאַר, װאָס דער װ ײ כ ע ר ג ו מ ע ן (דאָס אזויגערופענע „גומענפורהאַנגעל״) מיט׳ן צ י נ ג ע ל (אַף לאַטײניש: uvula) הענגען שלאַבריק אַראָפּ. װען אובער דאָס גומענפורהאַנגעל װערט צוגעפרעסט צו דער הינטערשטער װאַנט פון דער קעל און פאַרשטעלט דעם אַרײנגאַנג אין די נאָז אַרײן, קען דער לופטשטרום געצװוּנגען זײן, ארויסצוגײן נור דורכ׳ן מויל.

װ ו ק א ל ע ן (אײגענטליך, „מוילװוקאַלען״, „מונדװוקאלען״) זענען אַזעלכע לויטען (קלאַנגען), װאָס װערען ארויסגעגעבען בא א ו פ ע נ ע ם מ ו י ל (און אָפּגעשלוסענעם װעג פון דער קעל אין די נאָז אַרײן), דורך דעם לופטשטרום, װאָס קומט פון די לונגען, באַגעגענט די זיך דערנענטערטע שטימבענדער און ברענגט זײ אין װיברירונג װוקאַלען זענען אלזו ש ט י מ ע ן (צו װעלכע עס מישט זיך ניִשט צו דער מינדסטער גערויש).—װוקאַלען אונטערשײדען זיך דורך דער ט ו נ פ א ר ב (קלאַנגפאַרב); די טונפאַרב פון א װוקאַל איז זײן ק װ א ל י ט ע ט (איכות). די פאַרשידענע ק ל א נ ג פ י ר ק ו נ ג פון די װוקאַלען (זײער קלאַנגפאַרב) הענגט דערעיקרשט אָפּ פון דער פאַרשידענער שטעלונג, װאָס די צונג און די ליפּע נעמען אָן: די ליפּען װערען מער אודער װײניקער ברײט געעפענט; דער רוקען פון דער צונג, װידער, ארויפגעשטופּט מער פונפורענט צו אודער מער אהינטען און דערבײ מער אודער װײניקער דערנענטערט צום גומען. — י (i) און ע (e) װערען געבילדעט פונפורענט אין מויל; אָ, ו (u) און ו (o) הינטען אין מויל; די ערשטע דורך פורװערטסבאַװעגונג, די לעצטע דורך הינטערװײלעכצבאַװעגונג פון דעם צונגרוקען. די ערשטע װערען גערופען: פ א ל א ט א ל ע װוקאַלען (ד. ה. האַרטגומענדיקע) אודער פּאַלאַטאָװעלאַרע; די צװײטע: װ ע ל א ר ע (ד. ה. װײכגומענדיקע, גומענפורהאַנגעלדיקע). אַ (a) איז אין דער הינזיכט נײטראַל (דער צונגרוקען געפינט זיך אין דער פּוזיציע, װעלכע ער הוט געװײנטליך, װען די צונג רוט).—בא i און e װערען די מוילװינקלען פונאַנדערגעצויגען (בא i מער װי בא e) בא o און u װערען די ליפּען פאַרקײלעכדיקט (בא o װײניקער װי בא u).—װוקאַלען

וואָס ווערען געבילדעט מיט אַ לפי-ערך גרויסער אויפהייבונג פון צונגרוקען, געבען מיר אַ נאָמען „געשלאָסענע“ (ענגע, דינע); וואָקאַלען, וואָס ווערען געבילדעט מיט אַ קלענערער אויפהייבונג, רופען מיר „אָפענע“ (ברייטע, פולע). e און i פון איין זייט, o און u פון דער צווייטער זייט זענען, אַקעגען a, געשלאָסענע וואָקאַלען; e איז אָפענער פון i, o פון u. a איז דער אָפענסטער פון אַלע וואָקאַלען.—ענג אָדער ברייט זענען די וואָקאַלען לויט דער קלענערער אָדער גרעסערער דערווייטערונג צווישען צונגרוקען און גומען אָדער נאָך דעם גראַד פון דער מוילעפענונג.—דין (שיטער) און פול (געוויכטיק), ווערען זיי גערופען לויט זייער קלענערער אָדער גרעסערער קלאַנגפולקייט (קלאַנגגעוויכטיקייט).—יעדער וואָקאַל באַזונדער קען זיין אָפען אָדער געשלאָסען, אָפהענגיק דערפון, ווי איז, בא זיין בילדונג, די מוילהייל און די צונג שלאַבריק אָדער שטייף, נישטאָנגעשטרענגט אָדער אָנגעשטרענגט.—e און i זענען העלע וואָקאַלען (i העלער פון e), מחמת זייער אייגענטון איז העל; o און u זענען טונקעלע וואָקאַלען (u טונקעלער פון o); a ליגט אינדערמיט צווישען די צוויי גרופעס און קען זיין העל אָדער טונקעל. ווען a גייט-איבער אין o, אָדער o אין u, הייסט, אַז דער וואָקאַל איז פאַרטונקעלט געוואָרען; ווען a גייט-איבער אין e, אָדער e אין i, הייסט, אַז דער וואָקאַל איז פאַרהעלט געוואָרען; ווען i גייט-איבער אין e, אָדער e אין a, הייסט, אַז דער וואָקאַל איז פאַרטונקעלט געוואָרען.— וואָקאַלען קענען אַרויסגערעדט ווערען קירצער אָדער לענגער, ד. ה. מיט קלענערען אָדער גרעסערען צייטפאַרברויך, און זענען, אַלכּ אַזעלכע, קורץ אָדער לאַנג (זוגאַר איבערקורץ און איבערלאַנג). דאָס איז זייער קוואַנטיטעט (כּמות). צווישען קירצע און לאַנגע וואָקאַלען איז אָבער פאַראַן אויך אַ קלענערער אָדער גרעסערער קוואַליטאַטיווער חילוק (אַמ-גרעסטען איז ער אין יידישען צווישען קורצען און לאַנגען i), וואָס איז פאַרבונדען מיט אַ געוויסער דיפערענץ אין דער שטעלונג פון דער צונג און די ליפען. קורצע וואָקאַלע זענען אין יידישען דאָס רוב אָפען און דעריבער מער באַשטימט אין זייער קלאַנגפאַרב לאַנגע, דאַגעגען, געשלאָסען.

דיפטאָנגען (טופעללויטען, טופעלקלאַנגען) זענען פאַרבינדונגען פון צוויי וואָקאַלען. דיפטאָנגען בילדען נור איין זילבּ. דאָס יידישע האָט (מונדאַרטליך) אויך טריפטאָנגען (דרייַלויטען, דרייַקלאַנגען), ד. ה. פאַרבינדונגען פון דריי וואָקאַלען צו איין קאָמפּלעקס, וואָס געהערט צו איין זילבּ (אין פוילישיידישען „אַרוויס“ איז, אַדאַנק דער אַנטוויקלונג פון אַ כוואַראַבהאַקטיוואָקאַל, אויס דעם דיפטאָנג וְוְ געוואָרען אַ טריפטאָנג וְוִי).

אומלויט (אומקלאַנג) איז אין יידישען איבערגאַנג פון a אָדער o אין e, פון u אין i, פון oj אין ej (עווענטועל aj), פון ou אין aj (עווענטועל â, aa) וכ׳.— די אורשפרינגליכע אומלויטלויטען זענען געוועזן: ä, ö, ü און äu (אייגענטליך äü)

און זענען אַנטשטאַנען אַדאַנק דעם, װאָס אין דער צװײטער זילב איז געשטאַנען i, צו װעלכען די װוקאַלען a, o, u און דער דיפטונג au האָבען זיך דערנענטערט (ä, ö, ü ליגען אין דער אויסשפּראַך אומגעפער אינדערמיט צװישען a און i, o און i, u און i).

זילב[1] איז אַ גרופּע לויטען (קלאַנגען), װאָס װערען אַרויסגערעט מיט אַ י ײ נ אַ ו נ־ טערבראָכענעם אויסאָטעמונגסלופטשטויס (עקספּיראַציע־שטויס). צ. ב., „אַ ר אַ י ן" איז צװײזילביק, מחמת נאָך דעם ערשטען a (אַ־) װערט דער אויסאָטעמונגסדרוק (עקספּיראַציעדרוק) פאַרקלענערט װאָרען דער אופן, װי עס װערט פּראָדוצירט דער r (־ר־) האַלט־אָפּ דעם לופטשטרום, אַזוי אַז ערשט באַם צװײטען a (־אַ) װערט דער דרוק װידער שטאַרקער, און דאַדורך צופאַלט זיך דאָס װאָרט אין צװײ דײט־ליך אָפּגעשײדטע טײלען. — אַ זילב איז א ו פ ע ן, װען זי גײט־אויס אַף אַ װוקאַל; ג ע־ ש ל ו ס ע ן, װען אַף אַ קאָנסאָנאַנט. אין „אַ ר אַ י ן" איז די ערשטע זילב (אַ־) אָפען די צװײטע (־ראַין) געשלאָסען. — זילבען פאַראײניקען זיך אין װערטער.

איטליכע זילב האָט אַן'אַקצענט, דעם ז י ל ב ע נ אַ ק צ ע נ ט. דער קלאַנג, װאָס װערט אין דער זילב אַמשטאַרקסטען אַרויסגערעט, הײסט דער ז י ל ב י ש ע ר, די איבעריקע—די נ י ט ז י ל ב י ש ע. דעם שטאַרקסטען לויט (אָדער די שטאַרקסטע לויטען) אין דער זילב רופט מען אויך: „ז י ל ב ע נ ש פּ י ץ". אַמשטאַרקסטען װערט אין דער זילב אַרויסגערעט געװײנטליך אַ װ ו ק אַ ל (אָבער אויך: n, l און m אין אַלע יידישע מ"מ; r אין אַ טײל).—אין דיפטונגען איז זילביש דאָס רוב דאָס ערשטע גליד, דאָס צװײטע װערט ניטזילביש[1]. — „אַ ײ נ ש פּ י צ י ק" (אָדער „גשטויסען") זענען אַזעלכע זיל־בען, אין װעלכע עס געפינט זיך נור אײן לויט (אָדער טײל פון אַ לויט), צו װעלכען צו די שטאַרקײט פון אָטמען שטײגט, אָדער פון װעלכען אָן זי פאַלט, אָדער באַ װעל־כען עס געשעען בײדע זאַכען. „צ װ ײ ש פּ י צ י ק" (אָדער „געשלײפט") איז די באַ־טונונג פון אַזעלכע זילבען, װאָס האָבען צװײ אַזעלכע לויטען (אָדער טײלען פון לויטען). צװײשפּיציקע זילבען זענען שטענדיק ל אַ נ ג, מײסטענס אַפילו לענגער װי לאַנגע אײנ־שפּיציקע (פאַרגלײך דאָס פּוילישיידישע oo אין „בױך" און aa אין „װאַאַפּ").

אין װאָרט בלײבען ניט אַלע זילבען באַ אײן אַקצענט (באַטונונג): געװײנטליך

---

[1]) דײטשיש Silbe = מה"ד silbe, עלטער־מה"ד sillabe, אַה"ד sillaba, לאַטײניש.־גריכיש. syllaba, פּויליש. sylaba, יידיש. „ט ר אַ ף". —

[1]) אַזעלכע דיפטונגען הײסען: „פ אַ ל ע נ ד י ק ע". — דיפטונגען, אין װעלכע דאָס ערשטע גליד איז ניטזילביש, און דאָס צװײטע זילביש, הײסען: „ש ט ײ ג ע נ־ ד י ק ע" (קומען־פאָר נור מונדאַרטליך).— דיפטונגען, אין װעלכע בײדע גלידער װערען גלײך באַטונט, הײסען: „ש װ ע ב ע נ ד י ק ע". —

ווערט איין זילב אויפֿגעהויבען איבער די איבעריקע: זי ווערט אַרויסגערעט מיט גרעסערער טונשטאַרקייט (הובען מיר „עקספּיראַטורישען אַקצענט“, ד. ה. אַזעלכען, וואָס איז פֿאַרבונדען מיט גרעסערען לופֿטדרוק), אודער מיט גרעסערער טונ=הייך (הובען מיר „כרומאַטישען“ אודער „מוזיקאַלישען אַקצענט“). אין ידישען, ווי אין דײַטשישען (ווי אויך אין דער אינדוגערמאַנישער אורשפּראַך), פֿאַלען בײַדערליי אַקצענטען אַף איינאונדיזעלביקע זילב. — דאָס איז דער וואָרטאַקצענט

די זילב, וואָס טראָגט דעם וואָרטאַקצענט איז די הויפּטטוניקע (אודער הויכטוניקע. — די נישטהויפּטטוניקע (נישטהויכטוניקע) זילבען צופֿאַלען זיך ווידער אין לעבענטוניקע (נעבענטוניקע, באַיטוניקע) און אומבאַטונטע. — צווישען די באַיטוניקע איז אויך פֿאַראַן שטאַרק-באַיטוניקע און שוואַך-באַיטוניקע. — די שטאַרק=באַיטוניקע זילב ווערט אויך גערופֿן: טיפֿטוניק (אין „שראַיבענדיק“, למשל, איז שראַי- די הויפּטטוניקע זילב, -דיק די באַיטוניקע אודער טיפֿטוניקע, -בענ- די אומבאַטונטע; מ'קען אויך האַלטען -דיק פֿאַר שטאַרק-באַיטוניק און -בענ- פֿאַר שוואַך-באַיטוניק).

וואָקאַלען פֿון די אומבאַטונטע זילבען ווערען אין ידישען אָפּגעשוואַכט (רעדוצירט), פֿאַרלירען די אורשפּרינגליכע טונפֿאַרב (קלאַנגפֿאַרב), ווערען פֿאַרהעלט אודער פֿאַרשווינדען אינגאַנצען[1].

... די טראַנסקריפּציע פֿונ'ם מונדאַרטליכען מאַטעריאַל אין דעם בוך איז, נאַטירליך, אַ פֿונעטישע. וואָקאַל o ווערט איבערגעגעבען מיט אָ, איבער וועלכען עס ליגט אַ דעכעל (דער איינפֿאַל איז נישט געווען קיין געלונגענער, מחמת מיט אַ דעכעל באַצייכענט מע אין דער שפּראַכווי=סענשאַפֿט נור וואָקאַללענג; אין מיינע אנדערע פֿיל שע אַרבעטען, ווי אויך אין די רעגיסטערס צו דעם בוך, באַניי איך שוין דאָס אות נישט); לאַנגער i — מיט î.

ידישע דרוקערייען, וואָס זענען נישט צוגעגרייט צו שפּראַכוויסענ=שאַפֿטליכען זאַץ, הובען נישט דעם אין דער גאַנצער פֿילולוגיע אָנגענומע=נעם צייכען פֿאַר נאַזאַלירונג, הוב איך מיך געמוזט אַרויסהעלפֿען מיט

---

[1]) זע צו די אַלע באַמערקונגען: ברעמער 15פּ., 8פּ., 25; זיבס 23, 26, מערינגער 13—16, 19פּ.; לעהע 32 — 34; גרימע 21; גוטמאַן 47; 22. —

אַנדערע מיטלען: איך באַצייכען נאַזאַליזירונג פֿון װאָקאַל מיט א ̃, איזעקנע־לייגט האָריזאָנטאַליש (לענג־אויס) איבער׳ן װאָקאַל (צ.־ב. ז׳ 248, ערשטע צוויי שורות פֿון אונטען אין טעקסט; ז׳ 281, אַנמ. II אין טעקסט; ז׳ 291, אַנמ. XXVII אין טעקסט און אַנמ. 8 אונטער׳ן טעקסט), אָדער מיט א זרקא איבער׳ן װאָקאַל (ז׳ 309, שורה 9פֿ.; 311, שורה 5; 313; 317, שורה 3 פֿון אונטען אין טעקסט; 318פֿ.; 332). נאַזאַלען רעזאָנאַנס נאָך א קאָנסאָנאַנט באַצייכען איך מיט א ̃ לענג־אויס (ז׳ 331פֿ.) נאָכ׳ן קאָנסאָנאַנט (מיט אָדער אָהן א גערצנקענשטרעכעל אונטער׳ן האָריזאָנטאַליש אויסגע־צויגענעם ̃).

ח־נאַזאַלע איז בא מיר אינגאַנצען ניט באַצייכענט: די שטעלונג פֿאַר גומענקפּלוזיווחלויט כאַראַקטעריזירט אים.

װאָס שייך דער אַלגעמיינער אויסלייגונג אין דעם בוך (דאָס מונד־אַרטליכע אויסגענומען), גילט פֿאַר איר דאָס, װאָס איך זאָג אין פֿאָרװאָרט צו דער ערשטער העלפֿט „זאַמ“. II (ז״ז IX—XII). ̃ אַלס גראַפֿישער צייכען פֿאַר׳ן װאָקאַל o װערט אָנגעװענדט אין אַלע שטעלען, װאָס זענען גע־זעצט מיט פּעטיט (אַלזו, אין די אָנמערקונגען אונטער׳ן טעקסט און אין טעקסט און אין די „קלײנע הוספֿות און אָנמערקונגען“). אין די „טיסצע־לען“, אין די רעגיסטערס און אין נאָכװאָרט גילט ̃ אַלס דער איינציקער סימבאָל פֿאַר o.

פֿון די װאָקאַבלען זענען אין רעגיסטער אַרײַנגענומען געװאָרען נור יענע, װאָס שטעלען פֿאָר אַנ׳אויסנאַם אין דער אָדער יענער הינזיכט, די װאָקאַבלען, װאָס זענען געבראַכט אַלס אילוסטראַציע פֿון לויטגעזעצלי־כע דערשיינונגען און איינצעלנע כּללים זעין, פֿון װעגען עקאָנאָמיע אין פּלאַץ, אויסגעמיטען געװאָרען אין רעגיסטער.

כּדי צו העלפֿען דעם לעזער זיך צו אָריענטירען אין דער גרויסער צאָל מ״ם, װאָס װערען באַהאַנדעלט אין דעם בוך, זענען זיי גרופּירט אין א באַזונדער אינדעקס (נאָכ׳ן אַלגעמיינעם רעגיסטער), איינגעטיילט אין דריי הויפּטצװײַגען (לויט דער קלאַסיפֿיקאַציע, װעלכע איך האָב אָנגענומען אין מיין צי״ח I § 108): מזרחיידיש ע, מיטעלייִדיש ע און מערב־יידיש ע. — די נעמען פֿון די שטעט, שטעטלעך און דערפֿער זענען דורכט טראַנסקריבירט אין דער אָרטיקער יידישער אויסשפּראַך.

באַם שרײַבען דאָס בוך זענען באַנוצט געװאָרען: „אַם אור־קװלעל.

אין „דער אורקוועלל“[1], בעהאגהעל[2], גולטער (זע אויזוען ז' 250), גערזון[3] (219), גרימם (364), דרייזין[4], הארקאווי[4], הורוויץ (אויזוען 216), ווילמאננס (272, 301), טיאנדער (223), יאנצען (365), ליפשיץ (216), לעווע (365), לעקסער (222), ספּיוואַק-יהואש (282), פּיסקונוו (342), קלוגע (326), רייז (362)

די איבעריקע ביכער — אין רעגיסטער.

די ראשי-תיבות: אה״ד = אלטהויכדייטשיש; ב״וו = ביוואָרט (אָד-יעקט); ה״וו = הויפּטוואָרט (סובסטאַנטיוו); ל״ז = לשון-זכר (מאסקולינום); ל״נ = לשון-נקבה (פעמינינום); מ׳ = מינדאַרט; מ״מ = מונדאַרטען; מה״ד = מיטעלהויכדייטשיש; מיץ = מערצאָל (פלוראַל); צ״וו = צייטוואָרט (ווערב); צי״וו = מיין „צום יידישען וואָקאַליזם“.

די לעזער ווערען געבעטען, פאַר'ן ליינען צו מאַכען אין בוך אַלע אויסבעסערונ-גען, וואָס זענען אָנגעוויזען אָף די ז״ז 275, 325 און £*413. —

נח פּרילוצקי.

וואַרשע, מערץ 1920.

---

¹) זע „קונס.“ I ז' XX. — ²) דורטען XIX. —

³) נישט „גערזון“, ווי דער נאָמען ווערט אין דעם בוך ציטירט פון וועגען ... פאַרדריסיק פאַרזעען. —

⁴) „קונס.“ I ז' XIV.—

# אינהאַלטצעטעל.